MOISHE WEISMAN

# FOON NECHTN UN HAINT

(Of Yesterday and Today)

---


1361 So. Euclid Ave.
Ontario, California

---

פון זעלבן מחבר: —

„פון בריסק ביז סעמיאַטיטש"

ארויסגעגעבן אין יאָר 1952

„פון נעכטן און היינט"

ארויסגעגעבן אין יאָר 1955

---

Printed in U.S.A.

ECONOMY TYPESETTING SERVICE
244 HARLEM PLACE
LOS ANGELES 12, CALIFORNIA

Printed by A & G PRESS, INC.
5326 Sunset Blvd. HOllywood 9-5877
108

# אינהאַלט

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל



## דריטער טייל

איך דריק אוים מיין הארציקן דאנק
צו מיין ליבער פרוי

## ה י נ ד ע

פאר איר דערמוטיקן מיר אז איך זאָל
דעם דאָזיקן בוך איבערגעבן צו דער
עפענטליכקייט.

# אויסגעבעטן אַ גוט יאָר

ס'איז געווען יום־כפור אינדערפרי. מיין טאַטע איז אויפגעשטאַנען פאַר־טאָג, ער האָט אָפּגעגאָסן „נעגל־וואַסער" . . . און זיך געזעצט ביים טיש קוקן אין ספר אַריין.

ווען ער האָט, שפּעטער, אַלעמען אין שטוב אויפגעוועקט, איז ער מיט מיין מאַמען שוין געווען גרייט צו גיין אין בית־מדרש אַריין. זיי האָבן נאָר געוואָרט אויף מיר, דעם אַכט־יאָריקן בחור, ער זאָל גיין מיט זיי.

די מאַמע, איידער זי איז פון שטוב אַוועק, האָט זי אָפּריער זיך גוט אויסגעוויינט, און מיינע צוויי שוועסטערלעך האָט זי אַרומגענומען און זיי אָנגעקושט . . .

און איך, גייענדיק מיט זיי, איבערן לאַנגן וועג צום בית־מדרש, האָב ניט געהערט אַז זיי זאָלן כאָטש אויסריידן איין וואָרט: זיי זיינען ביידע געווען טיף פאַרטראַכט: מיין פאַרשטאָרבענער ברודערל איז ביי זיי געלעגן אויף די געדאַנקען . . .

אינם אַלטן בית־מדרש זיינען שוין געווען אַ סך יידן. מיין טאַטע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף „זיין שטאָט", און איך האָב אויפגעשאַרט אונטער זיינע באַזאָקנטע פיס אַ ביסעלע היי. אין בית־מדרש האָט שוין געשמעקט אַ שווייסיקע וואַרעמקייט, פון די ברענענדיקע ליכט, כאָטש די פענצטער זיינען געווען אַלע אָפענע.

ר' וועווע, דער שניטקרעמער, האָט זיך געשטעלט פאַרן עמוד: ער איז געווען איינגעהילט אין אַ וויסן קיטל און דעם נייעם טלית אַרויפגערוקט איבערן קאָפּ.

דער שמש האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אויפן באַלעמער, און מען האָט גענומען דאַוונען „שחרית". מיין טאַטע האָט אַוועקגענומען דאָס קליינע מחזורל פון מיינע הענט און געהייסן איך זאָל קוקן אין זיין גרויסן מחזור אַריין.

אין בית־מדרש האָט גע'רעש'ט. מיין טאַטע האָט געזאָגט מיט אַ ניגון פון מחזור אויס, ער האָט געמאָנט ביים רבונו־של־עולם.

איך האָב אַרויפגעקוקט אינדערהויך צו די גראַטעס, וואו מיין מאַמע איז געשטאַנען אין „ווייבערשטיבל" און זי האָט אַריינגעוויינט אין איר מחזור אַריין.

דער שמש האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אין באַלעמער, דער בעל־תפילה האָט זיך צעציקלט, און ער האָט אַרויסגעזונגען — „ה מ ל ך !" . . .

דער עולם האָט נאָך אים נאָכגעזאָגט. און אַז מ'האָט גענומען זאָגן „סלח לנו קדוש ביום קדוש מרום קדוש", האָט מיין טאַטע זיך שטאַרק געקלאַפּט אין האַרצן אַריין „חטאנו צורנו, סלח לנו יוצרנו" . . .

אין זיין מחזור איז געווען אַ סך „צו זאָגן". אָבער מיין טאַטע האָט מיר געשאַנעוועט: ער האָט מיר ארונטערגענומען אונטער זיין טלית, נאָר צו אַ וויכ־טיקער תפילה זאָגן. און בשעת מיר האָבןביידע געזאָגט — „היום יכתב בספר הזכרונות", האָט מיין טאַטע אַריינגעווינט די ווערטער מיט אַ שטילן געבעט: „היינט אום יום־כפור ווערט דאָך אונטערגעשריבן אין ספר הזכרונות, ווער עס זאָל לעבן, און ווער עס זאָל שטאַרבן" . . .

די הייסע טרערן פון זיינע אויגן האָבן אַרונטערגעקאַפּעט אויף מיין באַק און געבריט . . .

מ'האָט פאַרענדיקט „שחרית" און „קריאת התורה". ווען שוין צו „הזכרת נשמות" האָט מיך מיין טאַטע געשיקט אינדרויסן אַרויס. ער האָט מיר געגעבן דאָס קליינע „פּעקעלע" מיט דעם עסנוואַרג, וואָס די מאַמע האָט פאַר מיינעט־וועגן אָנגעגרייט, ער זאָל עס מיטנעמען אין בית־מדרש אַריין.

אינדרויסן האָב איך געזען זלמן דעם וואַסערפירער, ווי ער איז אויף גיך געגאַנגען אָנטרינקען זיין פערד. און מאַמעס זיינען געגאַנגען אַהיים „זייערע קינדער אָנצוזייגן". צו מוסף זיינען אַלע צוריקגעקומען אין בית־מדרש אַריין.

אַלט און יונג זיינען אויף זייערע פיס געשטאַנען מיט טליתים צוגעדעקט די קעפּ, און געוואַרט ביז דער „בעל־מוסף", וועלכער האָט זיך לאַנג מכן־געווען שטייענדיק לעבן עמוד, האָט ענדלעך אַרויסגעזונגען:

— „הנני העני ממעש! . . ."

אַ פּחד האָט פאַרכאַפּט מיין האַרץ, דערהערנדיק דאָס גרויסע געוויין, און יללה איבערן גאַנצן בית־מדרש . . .

ר' יעקב בערס קול האָט ביי זיינע מיט־דאַוונער געריסן די הערצער, אַז זיי זאָלן זיך באַהעפטן אין די געדאַנקען מיט גאָט . . . און מיין טאַטנס ווייגענדיק קול, וואָס איז צו מיר געגאַנגען אין אויער אַריין, האָט געבעטן: „איי . . . לכן אבקש ממך . . . דערום בעט איך פון דיר, גאָט . . . "

און ביידע האָבן מיר צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם זיך געקלאַפּט אין די הערצער — „על חטא שחטאנו לפניך ביודעים ובלא יודעים! . . . "

ווען דאָס „זאָגן" האָט לאַנג געדויערט, האָט דער טאַטע מיר באַפרייט פון אונטער זיין טלית, און מיר געהייסן, כ'זאָל זיך זעצן אויף דער באַנק.

און די ליאַרמדיקע קולות האָבן אָנגעפילט מיינע אויערן. מיינע אויגן האָבן געוואַנדערט אַריבער די „בערג" באַטליתטע יידן, מיינע אויגן האָבן אויפגעכאַפּט אַלע הוויות, און פאַנטאָמימעס; דאָס טרייסלען פון זייערע הענט, דאָס גלאָצן מיט די אויגן, די אויסגעקרומטע פּנימער ביים „וועלן וויינען".

אַז מ'האָט גענומען זאָגן „ונתנה תוקף", האָב איך זיך ווידער געשטעלט מיטן קאָפּ אונטער מיין טאַטנס טלית, און מיר האָבן ביידע געזאָגט פון מחזור מיט גרויס כוונה — „בראש השנה יכתבון! — און מיין טאַטע האָט די ווערטער גלייך פאַרטייטשט מיט אַזאַ אומעטיקן ניגון: 'ראש השנה ווערן זיי פאַרשריבן

און יום כפור ווערן זיי געחתמעט. ווער עס זאָל לעבן . . . און ווער עס זאָל שטאַרבן . . . ״

ס׳האָבן זיך אַוועקגערוקט די שעה׳ן אויפן וואַנטזייגער. ווען די זון האָט געגומען פאַרגיין צו מעריב־זייט, און דער אויבערשטער האָט זיך געגרייט צו „צומאַכן די לאָדנס״ פונם טאָג . . . האָט אין בית־מדרש געגומען ווערן טונקל . . . און מ׳האָט גענומען גרייטן זיך צו „תפילת־נעילה״.

מיין טאַטנס פּלייצעס האָבן זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעגלייכט. ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַן איינגעבויגענער, איבערן מחזור, און מיט זיין פינגער געטייטלט אויף די ווערטער, בשעת מיר האָבן ביידע געזאָגט:

„פּתח לנו שער. בעת נעילת שער. כי פּנה יום״ . . .

אַ קליין יידעלע מיט אַ לאנגע באָרד, האָט געשאָקלט מיט איין האַנט אינדערהויך, און ער האָט געשריגן „איי איי איי . . . רחם! אוי רחם! . . . זיי זיך מרחם איבער דיין פאָלק ישראל!!!״

שוין נאָך נעילה. אין בית־מדרש איז שוין גוט טונקל. נאָר אויף די ווענט „ציטערט״ אַ רויטע ליכטיקייט, דער אָפּשלאָג פון די ברענענדיקע ליכט אין די זאַמד־קעסטלעך. ר׳ זונדל דער בעל־תוקע איז אַרויף אויפן באַלעמער, צוגע־לייגט דעם שופר צו זיינע ליפּן, און ער האָט דעם לעצטן תקיעה־גדולה אַרויס־געבלאָזן . . .

די ווייבערשע שול האָט זיך אָפּגעליידיקט, געגאַנגען אַהיים צוגרייטן צום נאָכן פאַסטן. יידן האָבן פון זיך אַרונטערגענומען זייערע טליתים. די יינגלעך האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די זאַמד־קעסטלעך, נאָך די פאַרבליבענע שטיקלעך ליכט אַרויסצוגראָבן. און דער הויכער סענדער, דער תבואה־הענד־לער, מיט דער שוואַרצער באָרד, האָט זיך געשטעלט ביים עמוד, און מיט אַ „וואָכנדיקן ניגון״ האָט ער אויסגעזונגען: „והוא רחים יכפּר עון ו־ל־א י־ש־ח־י־ת!!״ . . .

און שלמהלע דער יתום האָט נאָך „עלינו״ אָפּגעזאָגט קדיש . . . יידן האָבן געוואונטשן איינע די אַנדערע — „אַ גוטע וואָך! און אַ גוט יאָר!!״ . . .

זעליג דער אונטער־שמש האָט אויפגעפּראַלט ביידע טירן, און דער פאַרשוויצטער עולם מיט געצונדענע ליכט אין זייערע הענט זיינען געגאַנגען אינדרויסן מחדש זיין די לבנה. די יידן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין קליינע גרופּען. זיי האָבן פאַרריסן זייערע קעפּ צום הימל, וואו מ׳האָט שוין אַרויס־געזען אַ שמאָל לבנה־רייפעלע, און מיט גרויס התלהבות האָבן אַלע אויסגע־שריגן: — „דוד מלך חי וקים!״ . . . דערנאָך האָבן זיי איינע די אַנדערע גע־זאָגט: „שלום עליכם, עליכם שלום!״ און ביסלעכווייז האָבן זיך איינגעשטילט די קולות אין גאַס. יידן זיינען זיך צעגאַנגען יעדער צו זיך אַהיים.

איך געדענק, מיר האָבן דאַן געוואוינט אויף אַ גויאישער גאַס, דאָס הויז איז געשטאַנען כמעט דאָס לעצטע פון צווייטן עק גאַס.

מיין טאַטע האָט זיך ניט געאײַלט גייענדיק, כדי מיינע טריט זאָלן זיך קענען אויסגלײַכן מיט זיינע. ער איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. יעדע ווײַלע האָב איך פון אים דערהערט אַ שטילן קרעכץ . . . גייענדיק שוין אויף „אונ־דזער גאַס", האָט אַ הונט אונדז אַנטקעגן געבילט. מיין טאַטע האָט אַ כאַפּ געטאָן מיך פאַרן האַנט, און איך האָב געפילט גלייך ווי ער וואָלט מיך אינמיטן גאַס צוגעטוליעט צו זיך . . . כ'האָב זיך געפילט ווי צו פּיעשטשען זיך פאַר אים וועגן פאַרגאַנגענעם טאָג אין בית־מדרש.

די גאַס, לענג־אויס מיט נידעריקע שטיבער, איז שוין געווען פינצטער־לעך. אייניקע „בעל־גופים" זיינען נאָך געזעסן אינדרויסן און גערויכערט זייערע „מאַכאָרקע פּאַפּיראָסן": „דאָברי וועטשער (גוט אָוונט) פּאַן חיים! — האָבן איינער נאָכן אַנדערן אַנטקעגן געזאָגט. און מאַנקע דעם שוסטערס איינציקע טאָכטער איז געזעסן אויף דער „פּריזבע", און זי האָט אויסגעזונגען אַ מאַלאָ־רוסיש לידל. אויף אַ פערד רייטנדיק איז אַנטקעגן געקומען דער יונג וואַציק און ער האָט אויסגעפייפט אַן אומעטיק ליד . . . דער אַלטער יאָזעף, דער חזירניק, האָט זיך געיאָגט נאָך אַ קליין חזירל, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט פאַרטרייבן אין הויף אַריין.

אַ פּאָר שווערע טריט איז אַנטקעגן אונדז געקומען אַלץ נאָענטער, ביז מיר האָבן דערזען אַ געשטאַלט, ווי אַ הויכער סילועט, און ס'האָט אויסגעקוקט אין דער פאָרמע ווי אַ „צלם". וואָס נאָענטער מיר זיינען דערגאַנגען איינער צום צווייטן, אַלץ בעסער, קלאָרער האָט מען געזען, אַז דאָס איז אַ מענטש מיט קאָראָמיסלעס אויף די אַקסלען, וואָס האָט אים געמאַכט אויסקוקן ווי אַ צלם. דער מענטש מיט די קאָראָמיסלעס האָט אונדז פריילעך באַגריסט: „דאָברי וועטשער, חיים!" . . . „דאָברי וועטשער, וואַסילי" — האָבן איינע די אַנדערע געזאָגט: מיין טאַטע מיט וואַסילן זיינען גוטע באַקאַנטע געווען.

וואַסיל האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרונטערגעשטעלט די צוויי עמער־וואַסער אויף דער ערד. און די קאָראָמיסלעס זיינען געבליבן הענגען ביי אים אויף איין אַקסל.

— „פון סינאַגאָגע, חיים, קומסטו איצט?" — האָט געפרעגט וואַסיל. מיין טאַטע ענטפערט: — „יאָ, פון סינאַגאָגע!" — און ער האָט זיך גלייך געטאָן אַ בויג־איין צו די צוויי עמער מיט וואַסער. ווען ער האָט שוין געזען, אַז די עמערס זיינען טאַקע „פול" מיט וואַסער, האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו אים: „וואַסיל, דו ביסט מיר אַנטקעגן געקומען מיט פולן . . . ביי אונדז איז דאָס אַ סימן, אַז ס'וועט שוין זיין פאַר אונדז אַ גוט יאָר . . . "

וואַסיל האָט אים אויסגעהערט, און ער האָט אַרויסגענומען פון זיין מויל דאָס לאַנגע ציגאַרנשפּיצל, פון צווישן די ציין, און געטאָן אַ זאָג: „יאָ, חיים!

זאָל דיר גאָט העלפן!״ און מיין טאַטע צו אים: „זאָל דיר אויך גאָט העלפן, וואַסילי!״

וואַסיל האָט צוריק אַריינגעשטעלט אין מויל דאָס ציגאַרנשפּיצל, מיטן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס, ער האָט געטאָן אַ „ציי״ און ס׳האָט זיך אַ לויכט געטאָן אַ רויט פּייערל אין דער פינצטער. ער האָט זיך אַ בויג געטאָן מיט די קאַראַמיסלעס אויף די אַקסלען און אויף די דראָטענע האָטשיקלעך אַרויפגע־כאַפּט די צוויי עמערס מיט וואַסער: ער איז געגאַנגען זיין וועג, און מיר אויפן וועג צו אונדזער שטוב, וואו די רויטע פּייערלעך האָבן אַרויסגעקוקט צו אונדז דורך די צוויי פענצטערלעך.

מיין טאַטע איז שוין נאָך דער באַגעגעניש מיט וואַסילן געוואָרן אַן אויפ־געלייגטער, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. ער האָט זיך שוין אפילו פאַר־גינען צו זאָגן אַ וויצל: „האָסט עפּעס געהאַט היינט אַ גרינגען תענית, משהלע? . . . ״ און איך האָב ווידער געפילט דעם צאַרטן דרוק פון זיין האַנט . . .

ווען מיר זיינען ביידע אַריינגעקומען אין שטוב, האָט מיין טאַטע גאָטס־פאַרכטיק אַ זאָג געטאָן צו מיין מאַמען:

— „אַ גוטע וואָך זאָל קומען אויף אונדז אַלעמען! . . . מיר האָבן, גע־לויבט דעם אויבערשטן, אויסגעבעטן זיך אַ גוט יאָר . . . ״



# אַ ייִנגעלע איז אַרויסגעפאָרן פון דערהיים ס׳ערשטע מאָל

עס איז אָנגעקומען אַ בריוול פון מיין פעטער נאָטע (מוטערס אַ ברודער), אין וועלכן ער האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז פּלוצלונג האָט מען אים באַפרייט פון „סלוזשבע״ (דינסט), און אין גיכן וועט ער פאָרן אַהיים קיין סעמיאַטיטש.

נאָר פריער וועט ער זיך אָפּשטעלן ביי אונדז אין בריסק, אָבער ניט מער ווי איין טאָג, ווייל דעם צווייטן טאָג וועט ער דאַרפן זיין אין דער שטאָט ביאַלע, דאָרטן איבערגעבן זיינע „פּאַפּירן״ צו נאַטשאַלסטווע.

דערהערנדיק די נייעס, האָבן אַלע ביי אונדז אין שטוב זיך דערפרייט. און איך האָב זיך געפרייט נאָך מער פון אַלעמען: דערפאַר, ווייל ס׳איז מיר אין קאָפּ געקומען אַ געדאַנק. איך בין שוין געווען ניין יאָר אַלט, און איך האָב שטאַרק געוואָלט פאָרן צו מיין זיידע־באָבע קיין סעמיאַטיטש זיך „באַקענען מיט זיי״. נאָר מיינע טאַטע־מאַמע האָבן מיך ניט געלאָזט פאָרן אַליין. אָבער איצט, אַז דער פעטער וועט זיין דאָ, איז עס געווען אַ גוטע געלעגנהייט פאַר מיר צו בעטן מיינע טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן מיך לאָזן פאָרן מיט אים.

די מאַמע איז גלייך באַשטאַנען. אָבער דער טאַטע האָט זיך לאַנג גע־ישובט: ער האָט געזאָגט, אַז „מ׳טאָר אים ניט אָוועקנעמען פון חדר״. און די מאַמע האָט געזאָגט: „נישקשה, אפילו אַז ער וועט אַ פּאָר וואָכן ניט גיין אין חדר, וועט ביי אים די תורה פון קאָפּ ניט אַרויספליען״ . . . און זי האָט זיך אונטערגענומען צו גיין צו מיין רבין, פּועלן ביי אים, אַז ער זאָל מיך לאָזן פריי אויף אַ דריי וואָכן.

ווען מיין פעטער דער סאָלדאַט איז אָנגעקומען צו אונדז אין שטוב אַריין, בין איך שוין געווען אַ „צוגעגרייטער״. די מאַמע האָט שוין געהאַט אַלץ „אויסגעפּאַריכט״, אַז אַלץ זאָל אויף מיר אויסקוקן לייטיש . . .

ווען מיין פעטער האָט דערהערט פון „אונדזער באַשלוס״, אַז ער וועט האָבן אַ מיטפאָרער, איז ער געווען צופרידן. ניט צופרידן זיינען געווען מיינע צוויי קלענערע שוועסטערלעך; זיי האָבן מיך פשוט מקנא געווען . . .

דער גאַנצער טאָג איז ביי אונדז אין שטוב געווען אַ יום־טובדיקער. מע האָט זיך געפרייט מיטן פעטער, לכבוד זיין באַפרייאונג.

דעם צווייטן פרימאָרגן איז מען אויפגעשטאַנען פרי, כדי ניט צו פאַר־זאַמען די באַן, וועלכע „גייט אָפּ״ קיין ביאַלע.

איידער מיר זענען פון שטוב אַרויסגעגאַנגען, האָט דער טאַטע מיר אָנגע־זאָגט איך זאָל זיין אַ גוט ייִנגל, פאָלגן דעם פעטער, און איך זאָל אים ניט פאַרשעמען, ווען דער זיידע אין סעמיאַטיטש וועט מיך „פאַרהערן״ . . .

די מאַמע מײנע האָט געװאָלט, ניט אַנדערש, נאָר זי זאָל אונדז באַגלײטן צום װאָקזאַל, כאָטש עס איז געװען אַ װײטע שטרעקע צו גײן.

די מאַמע האָט געװאָלט אײנקױפן פאַר מײנעטװעגן אַ „האַלבן בילעט", נאָר מײן פעטער האָט זי ניט געהײסן דאָס טאָן. ער האָט געזאָגט, אַז אַזאַ ײנגעלע „קען פאָרן אונטערן באַנק". װען די באַן איז אָנגעקומען, און די קאָנדוקטאָרן האָבן זיך אַרױסגעשטעלט פון די װאַגאָנען, איז מײן פעטער צו־געגאַנגען צו אײנעם און געפרעגט: „מאָזשנאָ?" (מ'קען?) און דער קאָנדוקטאָר האָט געענטפערט: „דאַ!" (יאָ!) . . . האָט מײן פעטער אים באַװיזן זײן „קאַזיאָ־נעם (ר'עגירונגס) בילעט, און מיר זײנען אַרײן בײדע אין װאַגאָן. די מאַמע איז פאַרבליבן אױף דער פלאַטפאָרמע און זי האָט געװישט די טרערן פון אירע אױגן . . .

אין װאַגאָן האָט זיך מײן פעטער אַװעקגעזעצט אױף אַ באַנק, און איך אונטער דער באַנק . . . איך בין געװען דאָרט ניט דער אײנציקער „פּאַסאַזשיר".

איך האָב געהערט װי די באַן האָט זיך אַװעקגערוקט פון װאָקזאַל. מען איז געפאָרן אַ לאַנגע צײט, ביז זי האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ סטאַנציע. איך האָב געהערט װי עס איז געװאָרן אַ גערודער: דורך אַ שפּאַלט פון אַ פּאָר באַשטיװלטע פיס האָב איך געזען דעם קאָנדוקטאָר, גײענדיק מיטן „קאָנטראָ־ליער". ס'האָט לאַנג געדױערט ביז די באַן האָט גענומען װײטער פאָרן. און דער זעלבער קאָנדוקטאָר האָט שױן געהײסן אַלעמען אַפּירקריכן פון אונטער די בענק, אױסצאָלנדיק אים דאָס קלײנגעלט װאָס „אים איז געקומען" . . .

נאָכדעם װי מײן פעטער האָט אים געגעבן „אין האַנט־אַרײן" פאַר מײן ליגן אונטער דער באַנק, האָב איך זיך שױן געקענט אַװעקזעצן לעבן מײן פעטער, און אַרױסקוקן דורכן פענצטער. פאַר מיר איז עס געװען אַ צופרידענע איבערלעבונג, זעענדיק װי: די טעלעגראַף־סלופּעס, די קלײנע שטיבעלעך, די בײמער און גרינע פעלדער: „זײ לױפן אַלע אױף צוריק„. עס איז דאָך געװען מײן ערשטע רײזע אױף אַ באַן.

מיט פינף שעה שפּעטער, זײנען מיר אָנגעקומען אין דעם שטעטל ביאַלע. מײן פעטער האָט שױן געקענט דאָס דאָזיקע שטעטל, װײל מ'האָט דאָך אים דאָ „צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט". אין שטעטל אַרײן זײנען מיר געגאַנגען צופוס. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין סאַמע צענטער, װאו עס איז דאָרטן געװען אַ קלײנער גאָרטן, מיט בײנק זיך אַװעקצוזעצן אױף זײ. מײן פעטער האָט מיך איבערגעלאָזט אין דעם גאָרטן (פּאַרק) און ער איז געגאַנגען „זיך מעלדן צו נאַטשאַלסטװע". ער איז אָבער אױף גיך צוריק געקומען צו מיר, װײל די קאַנצעלאַריע איז שױן געװען צוגעמאַכט. מ'האָט אים געהײסן קומען אַ צװײטן מאָל, מאָרגן אין דער פרי. מײן פעטער איז פון דעם געװען שטאַרק אומצופרידן, װײל דאָס האָט געמײנט אַז מיר מוזן דאָ אין שטעטל איבער־נעכטיקן.

מיין פעטער איז אויף דעם ניט געווען צוגעגרייט. מ׳האָט געדאַרפט באַצאָלן פאַר נאַכטלעגער. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפן.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט לעבן מיר, און ער האָט דערוויילע מיך באַקאַנט געמאַכט אַ ביסל מיטן שטעטל ביאַלע. ער האָט מיר דערציילט, אַז „דאָ וואוינט אַ באַוואוסטער רבי, און אַז דאָ זיינען פאַראַן אַ סך חסידים". אַז בכלל איז עס אַ פרום יידיש שטעטל. אָבער עס פאַרמאָגט אויך אַ סך זעלנער. און ווען מיר האָבן גענומען גיין איבערן שטעטל, האָט ער אויף יעדע עטלעכע שפּאַן געמוזט הייבן זיין רעכטע האַנט: אָפּצוגעבן „טשעסט" צו די פאַרביי־גייענדיקע אָפיצירן . . . מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם מאַרק־פּלאַץ, וואו עס זיינען געשטאַנען אַ סך יידישע הענדלער און הענדלערקעס מיט גרויסע קוישן געבעקס און אַנדערע סחורות צו פאַרקויפן. אַרום דעם גאָרטן (פּאַרק) זיינען געשטאַנען אין אַ לאַנגער ריי יידישע פורמאַנעס און איזוואָשטשיקעס, און יידישע טרעגער, פונקט אַזוי ווי אין „מיין שטאָט בריסק".

ווען עס האָט זיך אָנגערוקט דער פאַרנאַכט, איז דאַן מיין פעטער געגאַנגען מיט מיר אין אַ בית־מדרש אַריין, דאַוונען מנחה־מעריב.

נאָכדעם איז ער געגאַנגען זוכן אַ „רעסטאָראַציע". מיר זיינען פאַרביי־געגאַנגען אַ פּאָר אַזעלכע, אָבער מיין פעטער האָט געזאָגט אַז די זיינען ניט פאַר זיין קעשענע . . . ענדלעך זיינען מיר אַריין אין אַ שיינק. אינעווייניק האָט מיין נאָז גלייך דערשמעקט דעם גוטן געשמאַקן ריח פון געבראָטענע גענדז . . . איך האָב „זיי" באַלד דערזען אויף ברייטע טעלער אויסגעשטעלט אויפן בופעט, און אַרום דעם בופעט זיינען געשטאַנען יידישע באַלעגאָלעס און סתם יידן, מיט טעלערלעך אין זייערע הענט, און האָבן פון זיי געגעסן די געבראָטענע שטיקלעך גענדזנס. אַנדערע האָבן פון קליינע גלעזלעך געטרונקען אַ „לחיים". אָבער מיין פעטער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט לעבן דעם בופעט. ער האָט מיך אַ צי געטאָן פאַר דער האַנט, און מיר זיינען אריין אין אַ צווייטע קאַמער, וואו עס זיינען געשטאַנען טישלעך מיט בענקלעך צו זעצן זיך.

עס איז צו אונדז צוגעקומען אַ יידיש וויבל, מיט אַ שוואַרץ שייטל אויף איר קאָפּ, און זי האָט געפרעגט׳ „וואָס ווילט איר עסן?" מיין פעטער האָט איר געבעטן צוברענגען צוויי טעלער געקעכטס מיט ברויט. און „פאַרביסן" האָבן מיר מיטן געשמאַקן „ריח" פון די געבראָטענע גענדז — און ס׳האָט אונדז גאָר־נישט ניט געקאָסט . . .

ווען מיר זיינען אַרויסגעקומען פון שיינק, האָט זיך מיין פעטער פאַר־ענטפערט פאַר מיר פאַר דער „מאָגערער וועטשערע", וואָס ער האָט מיר געגעבן, ווייל ער האָט ווינציק געלט ביי זיך געהאַט, און מיין „כעס" האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן.

אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. מיין פעטער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דאָזיקן שטעטל וואוינט ערגעץ אונדזערס אַ משפּחה, און ער האָט זיך

געשטעלט אויסקוקן אַ יידן ביי וועמען ער וועט קענען זיך דערוויסן וואו יענער קרוב וואוינט. און ער האָט טאַקע זיך באַלד דערוואוסט. זיינען מיר ביידע געגאַנגען אוויפזוכן דאָס הויז אין וועלכן עס וואוינט דער קופּערט־מאַכער מיט דעם נאָמען ר׳ בייקל.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַן אַלט הויז מיט צוגעמאַכטע לאָדנס. מיין פּעטער האָט אַנגעקלאַפּט אין יענער טיר, און ס׳איז פון דער שטוב אַרויס־געקומען אַ קליין יידעלע מיט אַ יאַרמעלקע אויף זיין ווייסן קאָפּ, און מיט אַ ווייס־שמאָל־בערדל, מיט לאַנגע פאַרקרייזלטע פּיאות. ווען ער האָט דערזען אַ „זעלנער״ מיט אַ קליין ייִנגעלע, שטייענדיק לעבן זיין טיר, איז ער געוואָרן איבערראַשט. אָבער מיין פּעטער האָט צו אים גענומען רעדן יידיש. ער האָט אים געזאָגט ווער מיר זיינען, און דאָס אַלטע יידעלע האָט אַזש זיך דערפרייט. ער האָט גלייך געבעטן אונדז אַריינגיין אין שטוב אַריין: „קימץ, קימץ אַראַן אין שטיבו!״ האָט ער מיט זיין האַנט אונדז גערופן. דערנאָך האָט ער מיט אַ פרייד אַריינגעשריגן: — „אסתר לאה! אסתר לאה! ס׳איז געקימען געסט צי אינדזו!״ . . .

עס האָט זיך באַלד באַוויזן אַן עלטערע יידענע מיט אַ ווייסער קאָפּקע אויף איר קאָפּ און אַ פּאָר מעשענעברילן אויף איר נאָז. זי האָט אַפּריער באַקוקט אונדזערע פּנימער און צוגעשאָקלט מיט איר ווייסן קאָפּ. דערנאָך האָט זי אַ צענעם געטאָן אירע ביידע הענט און זי האָט פריילעך געזאָגט: — „עך וואַייסט? איר זענט גראָטן אין אייער זיידן אברהם הערשעלע — אייך צי לאַנגע יאָר! . . .״ (אברהם הערשעלע איז געווען מיין טאַטנס טאַטע און אַ באַוואוסטער חסיד פונם ראַדזינער רבי, און דער זעלנער, מיין פּעטער נאָטע, איז אויך געווען אברהם הערשס אַן אייניקל, ווייל מיין טאַטע האָט „גענומען״ זיין ברודערס טאָכטער פּאַר אַ ווייב: געקניפּט און געבונדן.)

נאָכדעם האָבן ביידע עלטערע לייט גערופן אונדז „וואַטער אין שטיב אַראַן״. און די צוויי מענטשן זיינען מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן פּאַר זייער פריינטלעכקייט.

מיין פּעטער האָט פון זיך אויסגעטאָן דעם שינעל, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. דער אַלטער האָט זיך אויף גיך אַ יאָג געטאָן אין אַ צווייטער קאַמער אַריין, און ער איז פון דאָרטן צוריקגעקומען מיט אַ שוואַרצער יאַרמעלקע אין זיין האַנט — נאָט אייך! טיץ דאָעס אָן אָפן קאָפּ! כ׳האָב פאַנט דאָס זעלנערשע היטל אָף אַ יידישן קאָפּ! — האָט ער זיך געבעטן ביי מיין פּעטער ער זאָל עס אָנטאָן. און מיין פּעטער האָט אַזוי געטאָן.

ביידע אַלטע לייט האָבן זיך לעבן אים אַוועקגעזעצט, און האָבן אים אויסגעפרעגט וועגן דער משפחה. זיי האָבן אַפילו אָנגערופן די נעמען פון אונדזערע פּעטערס, מומעס, מיט וועלכע זיי זיינען אַמאָל באַקאַנט געווען.

נאָכדעם האָט די אַלטע גענומען צוגרייטן דעם טיש, אַרויפצושטעלן

עפּעס צום עסן. אָבער מיין גזלנישער פעטער האָט גלייך אַ זאָג געטאָן: „ניין! דאָס איז נישט נייטיק, ווייל מיר האָבן שוין אָפּגעגעסן וועטשערע!״ און אויף מיר האָט ער געטאָן אַ „קוקעלע״, וועלכעס האָט געמיינט צו זאָגן „זאָלסט בעסער שווייגן״. האָב איך געשוויגן. אָבער אין געדאַנק האָב איך געטראַכט — „דאָס קליינע טעלערל זופּ מיטן שטיקעלע ברויט הייסט ביי אים וועטשערע! און איך בין נאָך אַלץ הונגעריק! . . . ״

פון „גרויס כעס״ האָב איך אַפילו ניט געוואָלט זיצן לעבן אים . . . איך האָב זיך אָפּגערוקט פון זיי אַלע, איך בין געגאַנגען באַקוקן די שטוב. צוערשט בין איך אַריין אין אַ גרויסער קאַמער, אין וועלכער דער אַלטער האָט דאָרטן געמאַכט זיינע קופּערטעס. אַז איך האָב דערזען דעם „וואַרשטאַט״ מיט די אַלע געצייגן: זעגעלעך, הובלעס און האַמערס, האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט. איך האָב גענומען (פון דר׳ערד) אַ דין ברעטעלע און געוואָלט אַ הובלעווע־טאָן אַ פּאָר דינע סטריזשינקעס, עס זאָל אַרויסוויקלען זיך ווי דינע פּיאה׳לעך, אָבער די אַלטינקע איז גלייך אַריינגעקומען און אַוועקגענומען פון מיין האַנט די געצייג און געזאָגט: „ניטע טשעפּע! . . . ״

דאַן האָב איך כאָטש געוואָלט באַקוקן די אויסגעפּאַרטיקטע קופּערטעס, די גרין־געפאַרבטע קופּערטעס, פון וועלכע ס׳האָט געשמעקט אַ שטאַרקער ריח.

די אַלטינקע איז אַריין אין קיך און זי האָט געשטעלט אויפן קוימען אַ שוואַרצע בינקע מיט וואַסער, טיי אויפצוקאָכן. ווען ס׳איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי אונדז אַלעמען גערופן צום טיש טרינקען טיי און פאַרבייסן מיט אייער־קיכלעך.

נאָכדעם האָבן זיי ביידע געבעטן מיין פעטער, ער זאָל פאַר זיי דערציילן ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון פאַניעס הענט. ער האָט עס גערן געטאָן. אָבער איך האָב עס מער ניט געוואָלט הערן, ווייל ער האָט די זעלבע מעשה שוין דערציילט פאַר מיינע טאַטע־מאַמע, ווען ער איז צו אונדז אָנגעקומען. ער האָט אויך דערציילט די חידושים וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין „טיף רוסלאַנד״.

און די אַלטע לייט האָבן, אויסהערנדיק אים, אַלע רגע אַ שמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן: „אוי־וואַ! אוי־וואַ! . . .״

אָבער זייער לאַנג איז מען ניט געזעסן. עס איז צוליב מיר געשען אַ „נס״, דער לאָמפּ האָט פּלוצום „גענומען גענעצן״ — אַ קליין ביסעלע נאַפט איז נאָך געבליבן. האָט דער אַלטער געוואָלט אַריינגיסן פרישן נאַפט, אָבער די אַלטע האָט געזאָגט, אַז עס איז „שאָן שפּאַייט״ . . . און זי האָט זיך געלאָזט גיין „מאַכן ס׳געלייגער״ . . .

קיין באַזונדערע געלעגערס איז פאַר אונדזביידן דאָרטן ניט געווען. דער אַלטער האָט אונדז גערופן מיר זאָלן גיין מיט אים אין זיין מאַסטערסקאַיאַ אַריין. דאָרטן האָבן מיר צונויפגעשאַרט אויף איין אָרט די סטריזשינקעס און

פאַרשפּרייט אַ ריינעם ליילעך מיט אַ קישן, און מיר האָבן געהאַט אַ קייזער־לעכן געלעגער צום שלאָפן . . .

אין שטוב איז גאָר גיך געוואָרן פינצטער. ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, און מיין פעטער איז אַנטשלאָפן געוואָרן. אָבער איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אין דעם פינצטערן חלל אַריין. באַלד האָבן מיינע אויגן דערזען מיין מאַמען, און איך האָב שוין פון איר געטראַכט, אַז היינט ביינאַכט וועט זי ניט צוקומען צו מיר אַ קוק־טאָן צי איך ליג אַן אָפּגעדעקטער . . . און מיינע צוויי שוועסטערלעך וועלן מאָרגן אין דער פרי „טיילן זיך" מיט מיין „פלעצל", וואָס די מאַמע האָט אַ יעדן טאָג געקויפט נאָר פאַר מיינעטוועגן . . . איך בין דאָך איר בן־יחידל! און מיין טאַטע וועט מאָרגן אין דער פרי ניט צוקומען פרעגן מיך צי איך האָב נישט פאַרגעסן נאָכן דאַוונען אָפּצוזאָגן „דעם יום" . . . אָט דאָס, און נאָך, האָב איך אַלץ געטראַכט, ליגנדיק אין דער שטיל.

נאָר באַלד האָב איך דערהערט דעם אַלטנס שטילן שעפּטשען: ער האָט דריי מאָל איבערגעזאָגט — „הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל" . . . נאָכ־דעם האָב איך דערהערט ווי ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט מיט אַ קרעכץ. ס׳האָט ניט געדויערט לאַנג, און ער האָט זיך צעכראָפּעט. מיין פעטער לעבן מיר האָט אים אונטערגעהאָלפן, און דער וואַנט־זייגער אין דער צווייטער קאַמער האָט זיי ביידן באַגלייט מיט זיין נאָכאַנאַנדיקן — „טיק־טאַק . . . טיק־טאַק . . . טיק־טאַק! . . . " ענדלעך בין איך אויך איינגעשלאָפן.

— — — איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ווען כ׳האָב דערהערט אַ קלאַפּ פון דער טיר: דער אַלטער איז אַוועקגעגאַנגען אין בית־המדרש אַריין צו „השכמת־הבקר". און אין שטוב איז נאָך געווען פינצטער. נאָר איך האָב מער נישט געקענט צוריק איינשלאָפן. איך האָב געוואַרט ביז ס׳האָט אָנגעהויבן צו „טאָגן", און ווען דורך די שפּאַלטן פון די צוגעמאַכטע לאָדנס האָט אַריינגעשיינט פאַ־סיקלעך ליכטיקייט — ערשט דאַן האָב איך דעם פעטער אויפגעוועקט.

מיר האָבן זיך ביידע געוואַשן צו „מודה־אני", און מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען אין בית־מדרש אַריין צום ערשטן דאַוונען.

צוריקגעקומען פון בית־מדרש, אין שטוב אַריין, זיינען מיר זאַלבעדריט. און די אַלטע האָט זיך נאָך אַלץ געפּאָרעט לעבן אַ פאַרעדיקן טאָפּ. אין שטוב האָט אַ מחיהדיקער ריח געשמעקט. דער טיש איז שוין געווען צוגעגרייט מיט טעלער, לעפל, און לעבן יעדן טעלער אַ פרישע בולקע. מיר האָבן זיך אַלע געוואַשן צו „שאו ידיכם" און זיך געזעצט ביים טיש עסן די געשמאַקע גריץ מיט שטיקעלעך פלייש.

עסנדיק האָב איך דעם טעלער מיינעם גיך אויסגעליידיקט. אָבער די אַלטינקע האָט פון דעם הנאה געהאַט, זי האָט געטאָן אויף מיר אַ לאַכעדיק קוקעלע, זי האָט גענומען דעם טעלער מיינעם צום טאָפּ, און אים צוריקגעבריינגט אַ פולן . . . מיין פעטער האָט „מיט גרויס חרפה" אויף מיר געקוקט.

נאָכן עסן האָט די אַלטינקע צוגעברענגט „מים־אחרונים־וואַסער", און דער אַלטער האָט צוגעדעקט דאָס מעסער אויפן טיש. דערנאָך האָבן מיר אַלע צוזאַמען אָפּגעבענטשט: איך בין ניט געווען פוליעריק מ'זאָל מיך נוצן צום מזומן.

מיין פעטער האָט זיך צוגעאיילט אַוועקצוגיין, ווייל ער האָט דאָך געדאַרפט גיין צו נאַטשאַלסטע איבערגעבן זיינע באַפרייאונגס־פּאַפּירן.

דאָס אַלטע פּאָרפאָלק האָט אונדז אַרויסבאַגלייט פון זייער שטוב, מיט פרומע, האַרציקע ברכות: זיי האָבן צוגעוואונטשן מיין פעטער, „אַז פון היינט אָן זאָל ער פאַרבלייבן אַ ייד אין דער היים מיט זיין באַשערטן זיווג . . . "

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צום צענטער פון שטעטל, און איך האָב זיך ווידער געזעצט אויף אַ באַנק, בעת דער פעטער איז געגאַנגען אָפּגעבן זיינע פּאַפּירן.

ווען ער איז צוריקגעקומען האָב איך אויף אים שוין דערקענט, אַז ער איז אַ פרייער מענטש געוואָרן. אַז „פּאַניע האָט אים שוין געגעבן דעם גט אין האַנט אַריין". און איצט קענען מיר פאָרן קיין סעמיאַטיטש.

נאָר מיר האָבן זיך באַלד דערוואוסט, אַז פון דאַנען פאָרט קיינער ניט דירעקט קיין סעמיאַטיטש, נישט די באַן און נישט די פורמאַנעס. מ'האָט געזאָגט, אַז מיר וועלן מוזן פאָרן פון איין שטעטל צו אַ צווייטן שטעטל מיט באַזונדערע פורמאַנעס.

דאַן האָט מיין פעטער זיך באַדונגען מיט אַ יידישן פורמאַן, ער זאָל אונדז פירן ביז דעם שטעטל (פויליש) יאַנאָווע. ער האָט איינגעקויפט אַ פּאָר קעזלעך, עטלעכע בולקעס, אַז מיר זאָלן האָבן צום עסן איבערן וועג, ווייל דאָס פאָרן וועט נעמען דעם גאַנצן טאָג. ווען מיר זיינען צוגעקומען (אין דער באַשטימטער צייט) צום וואָגן, איז שוין אויף אים געזעסן אַ פינף יידן, מיט לאַנגע בערד און פאות. דער אָנטרייבער אַליין האָט אויך פאַרמאָגט אַ היפּשע באָרד, און ער איז אַרום דער „טאַליע" געווען פאַרבונדן מיט אַ רויטן גאַרטל. דער ייד האָט צו זיינע צוויי פערדלעך אַ „רעד־געטאָן", אַ פּאָכע געטאָן מיט זיין קורצער בייטש, ביז די פערדלעך האָבן מיט אַלע כוחות אַ צי געטאָן דעם שווער־אָנגעלאָדענעם וואָגן.

אויפן גלאַטן שאָסיי איז שוין פאַר „זיי" געווען גרינגער, און זיי האָבן זיך אַפילו צעהאָצקעט, מיטשלעפּנדיק דעם וואָגן מיט אונדז אַלעמען.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן אָפענע פעלדער, מיט גרינע תבואה־זאַנגען, און די יידן האָבן זיך וואַרעם צערעדט, דערציילט די נסים פון זייערע רביים, און גערעדט פון „בריאת־העולם". יעדער איינער פון זיי האָט עפּעס אַרויס־געוויזן פון זיין קענטעניש אין די זאַכן. צולעצט האָבן זיי אַלע צוזאַמען פאַר־צויגן אַ זמרל. נאָכדעם האָט אַ ייד פון זיין קעשענע אַרויסגענומען אַ פלעשעלע מיט משקה און איינגעטיילט יעדן צו ביסלעך, צו טרונקען אַ לחיים . . . זיי

האָבן אַלע צוגעוואונטשן מיין פעטער (דעם סאָלדאַט), אַז ער זאָל „זיין אַ ייד אין דערהיים". שפּעט אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען אין יאַנאָווע. דער פורמאַן האָט אונז צוגעפירט צו דער איינציק־יידישער קרעטשמע.

די קרעטשקע (אכסניה) האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע שטוב, מיט אַ פּאָר קאַמערן. עס האָט אונדז דאָרטן אויפגענומען אַ ייד מיט אַ געלער באָרד. ער האָט נאָר איין קוק געטאָן אויף מיין פעטער דעם סאָלדאַט, און ער האָט גלייך אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו אים — „שלום עליכם אַ ייד!" — האָט ער אַ זאָג געטאָן, און מיר האָט ער אויך געזאָגט „שלום עליכם יינגעלע!" מיין פעטער האָט צו אים געזאָגט: — „מיר זיינען הונגעריק, גיט אונדז עפּעס צום עסן". — דער איד האָט אים געענטפערט: — „קאַ פליישׁ פאַרמאָג יאַך ניש. כ'האָט פרישע סמעטענע, קייז, מילעך און ברויט וויפל עץ קענט אָפּעסן!" . . .

מיין פעטער האָט זיך מיט אים ניט געדונגען, און יענער האָט אַרויפ־געשטעלט אויפן טיש אַלץ וואָס ס'איז געווען גוט צום עסן (נאָכדעם ווען מיר האָבן זיך שוין געוואַשן צו „שאו ידיכם"). נאָכן עסן האָט מיין פעטער אים אויך דערציילט פון די גליקן וואָס ער האָט געזען אין רוסלאַנד. דער ייד האָט זיך מחיה־געווען הערנדיק, און ער האָט „פאַניען" צוגעוואונטשן, „ער זאָל גאַיין אין דר'ערד אַראַן! . . . "

עס איז געקומען די צייט צו לייגן זיך שלאָפן. דער ייד איז ערגעץ אַרויסגעגאַנגען, און ער איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ באַרג שטרוי אין זיינע ביידע הענט. ער האָט די שטרוי אויסגעלייגט אויף אַ ברייטן טאַפּטשאַן, און ס'איז פאַר אונדז ביידן געוואָרן אַ געלעגער.

— — — מיר זיינען ביידע אויפגעשטאַנען איידער ס'איז געוואָרן טאָג אין דרויסן, ווייל מיין פעטער האָט זיך שוין דערוואוסט (פונם יידן), אַז פון יאַנאָווע קיין נעמיראָווע פאָרן נישט די באַלעגאָלעס, און מיר וועלן די צען וויאָרסט מוזן גיין צופוס. דערפאַר איז גלייכער אַרויסצוגיין באַגינען, איידער ס'וועט ווערן וואַרעם צו גיין.

דער ייד מיט דער געלער באָרד איז שוין אויך געווען וואַך. ער האָט אַפילו שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר אונדז אַ גלעזל טיי אויסצוטרינקען, איידער מיר גייען פון אים אַוועק. דאָס דאַוונען, האָט מיין פעטער געזאָגט, וועלן מיר אָפּלייגן ביז נעמיראָווע.

צום סוף האָט מיין פעטער אַרויסגענומען פון זיין קעשענע אַ קליין ביי־טעלע, און ער האָט געפרעגט דעם יידן, וויפל עס קומט אים „פאַר אַלץ". דער ייד מיט דער געלער באָרד האָט גלעטנדיק זי וואַרעם געשמייכלט, און ער האָט געזאָגט — „עץ זענט מיער גאָניש נישט שילדיק. כ'על באַ ענק נישט נעמען קאַ געלט . . . חס־ושלום! גאַייט געזינטערהייט, לחיים ולשלום!" . . . און ער האָט אונדז נאָך אַרויסבאַגלייט פון שטעטל, אָנגעוויזן מיט וועלכן וועג

מיר זאָלן גיין. מיין פעטער האָט אים האַרציק באַדאַנקט פאַר אַלץ וואָס ער האָט געטאָן פאַר אונדז.

דער דרויסן האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעליכטיקט. אויף די גויאישע גאַסן, דורך וועלכע מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיך די הינט, און די הענער, שוין געלאָזט הערן און זיי האָבן אונדז נאָכגעשריגן אין ווייטן וועג אַריין.

עס האָט די פרישע מאָרגן־לופט געשמעקט, און ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן צו גיין. צו מיר דעם גרויסשטעטיקן יינגל, וואָס האָט קיינמאָל ניט אָנגעזען אַזעלכע ברייטע באַוואַקסענע פעלדער, אויף וועלכע עס האָט זיך ווי „געררוי־כערט" דער בלוילעכער מאָרגנטוי, איז דאָס געווען אַן אַנטפּלעקונג, וואָס איז נאָכדעם אויף לאַנג פאַרבליבן אין מיין זכרון.

אָפּגייענדיק אַ פּאָר וויאָרסט, האָב איך אויסגעטאָן מיינע שיך, און מיין פעטער האָט פון זיך אויסגעטאָן זיין שינעל. ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַ קליין טייכל, האָבן מיר זיך ביידע געוואַשן די הענט און גענומען זאָגן (אויסווייניק) קאַפּיטלעך תהילים: ער — „אשרי האיש לא הלך בעצת רשעים" — איך: „ובדרך חטאים לא עמד ובמושב לצים לא ישב . . . " — ער אַ פּסוק, און איך אַ פּסוק.

אָט אַזוי־אַ גייענדיק פּאַמעלעך דעם „סאָלדאַטסקען גאַנג", האָבן זיך אַוועקגערוקט פון אונדזערע טריט די צען וויאָרסט . . .

די זון איז אויפגעגאַנגען. אויף די פעלדער האָבן זיך באַוויזן די דאָרפס־מענטשן, מיט זייערע פערד און ערד־כלים, מיט וועלכע זיי האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער. מיין פעטער האָט צו זיי אויסגעשריגן — „באָך פּאָמאָגיי!" (גאָט זאָל אייך העלפן!) און זיי האָבן מיט זייערע הענט צו אונדז געפּאָכעט.

ענדלעך זיינען מיר צוגעקומען צו אַ ברייטן טייך, מיטן נאָמען דער „בוג", און אויף דער אַנדערער זייט שטייט דאָרטן דאָס קליינע שטעטעלע „נעמי־ראָווע", וואו עס וואוינט מיין פעטערס (און מיין מאַמעס) אַ שוועסטער.

מיר האָבן זיך געזעצט אויף אַ קליין בערגל באַוואַקסן מיט גראָז, אָפּצו־רוען זיך פון דעם ווייטן וועג. נאָכדעם האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט, און מיר האָבן ביידע גענומען אַריבערשרייען — „דאַוואַי פּאַראָם!" . . . (גיב אַהער די שיף!) מיר האָבן לאַנג געשריגן, ביז עס איז דאָרטן פון אַ קליין שטיבל עמיצער אַרויסגעקומען.

מ'האָט געזען ווי יענער לאָזט זיך אַרונטערגיין צום וואַסער. ער האָט אויפגעהויבן פון דר'ערד אַ לאַנגן דראָנג, און ער האָט זיך אַריינגעשטעלט אין דער שיף. דער „דראָנג" האָט געקערעוועט די שיף אַנטקעגן דעם פליסיקן

וואַסער־שטראָם. ער איז ענדלעך צוגעקומען צום ברעג, וואו מיר זיינען געשטאַנען.

דער שיפער איז געווען אַ הויכער ייד, מיט אַ שוואַרצער באָרד. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ צעריסן כאַלאַטל מיט צעעפנטע פּאָלעס. פון דאָרטן האָט אַרויסגעקוקט דער ׳ארבע־כנפות״, מיט די פּאָרנדיקע צוויי לאַנגע ציצית.

דער ייד האָט געזאָגט צו אונדז ׳גוטמאָרגן״, און מער האָט ער ניט גע־רעדט. ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ ברעטל, און אונדז געהייסן זעצן זיך אויף דעם. דער דראָנג האָט ווידער געשטופּט די שיף אויף צוריק, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צום אַנדערן ברעג.

דאָרטן זיינען מיר גיך אַרויסגעגאַנגען פון דער שיף, און מיין פעטער האָט באַצאָלט דעם יידן דאָס געלט, וואָס אים איז געקומען פאַרן אַריבערשיפן אונדז.

נאָכדעם האָבן מיר ביידע גענומען גיין באַרג־אַרויף צום שטעטל, גאָר־ניט ווייט פונם „בוג״.

נאָר גייענדיק האָבן מיר פלוצלונג דערהערט דעם יידנס קול, ער האָט אונדז נאָכגעשריגן — „העיי! וואָס לויפט איר אַזוי גיך? וואָס איילט איר זיך?! — און ער האָט אונדז דעריאָגט, וואו מיר זיינען געבליבן שטיין וואַרטנ־דיק אויף אים.

— „איר ווייסט״ — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ שטילער טענה — „איר האָט מיר אַפילו ניט געזאָגט צו וועמען איר זייט דאָ געקומען?! ס׳איז דאָך אַ קליין שטעטל. איך קען דאָ אַלע יידן. איר זייט דאָך געקומען צו עמיצן, ניין? . . . ״

מיין פעטער האָט געשמייכלט, און ער האָט אים געזאָגט צו וועמען מיר זיינען אַהער געקומען.

ווי נאָר ער האָט דערהערט דעם נאָמען, האָט ער אויסגעשריגן:

— „אויב אַזוי, זענט איר דאָך רבקהס אַ ברודער! זי האָט טאַקע געהאַט געזאָגט אַז איר ברודער האָט מען צוגענומען צו די זעלנער! . . . נו, איז וואָס־זשע? איר קומט איצט אויף „אָטפּוסק״? צי איר זענט אינגאַנצן אַ באַ־פרייטער? . . .״

מיין פעטער באַהאַלט ניט אויס פון אים דעם אמת, און דער ייד מיט דער שוואַרצער באָרד פאַרגייט זיך אַזש פון נחת . . . ער איז איבערגליקלעך צו הערן די נייעס. און מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך צו זיין קעשענע, נעמט אַרויס די

פאָר קאָפּיקעס וואָס מיין פעטער האָט אים פריער געגעבן, און ער גיט זיי אים אָפּ צוריק: „נאַט אייך אייער געלט! באַ שלמה׳ס אַ שוואָגער קען איך ניט נעמען קיין געלט פאַרן אַריבערשיפן אים, בפרט נאָך ווען איר זענט איצט־אָ באַפרייט געוואָרן פון די זעלנער! . . . ״

מיין פעטער איז געוואָרן גערירט פון אַזאַ אויפריכטיקער פריינטשאַפט, וואָס דער ייד פילט צו זיין שוואָגער שלמה, און שוועסטער רבקה. ער באַדאַנקט אים, און ער איז שוין גרייט צו גיין ווייטער. נאָר דער ייד לאָזט אים ניט אָפּ. ער פאַרלאַנגט פון אים (פון מיין פעטער) אַ טובה:

— „טוט מיר אַ טובה,״ — בעט ער זיך ביי אים, — „איילט זיך ניט, גייט פאַמעלעך, און איך וועל לויפן אַפריער אָנזאָגן זיי די גוטע בשורה — לאָזט מיך פאַרדינען די מצוה!״

— — — מיר האָבן פאַרבראַכט אין נעמיראָווע דריי טעג, און אויפן פערטן טאָג האָט דער פעטער שלמה איינגעשפּאַנט זיין אייגענעם פערד אין וואָגן, און ער איז מיט אונדז אָוועקגעפאָרן קיין סעמיאַטיטש, צו מיין זיידן דוד און די באָבע רויזע מינקע . . .



# ד״ר לודוויג זאַמענהאָף אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל

דער נאָמען ד״ר לודוויג זאַמענהאָף דאַרף זיין באַקאַנט צום גרעסטן טייל יידן וועלכע זיינען אַריבערגעקומען אַהער פון דער אַלטער היים, ווייל מיט אַ פערציק יאָר צוריק האָט מען דאָרטן אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן דעם ביאַליסטאָקער דאָקטאר זאַמענהאָף, דעם באַשאַפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך ׳עספּעראַנטאָ״.

איך נעם זיך ניט אונטער צו שרייבן דאָ וועגן דער שפּראַך „עספּעראַנטאָ״ חלילה. איך וויל דאָ בלויז באַקאַנט מאַכן דעם פאַקט, אַז דאָקטאר זאַמענהאָף איז געווען ניט נאָר אַ געלערנטער, אַ באַשאַפער פון אַ נייער שפּראַך, נאָר ער איז אויך געווען אַ סענטימענטאַלער מענטש, מיט אַ גוט האַרץ.

איך זאָג עס, ווייל איך האָב געהאַט דעם זעלטענעם גליק צו דערקענען אים פון דער נאָענט, פאַר פינף חדשים, זעקס טעג אין וואָך. דעמאָלט האָב איך געזען אַז ער איז נישט ווי אַלע דאָקטוירים, אַז ער איז אי אַ גוטער דאָקטאָר, און אויך אַ געפילפולער מענטש (אז ער איז דער באַשאַפער פון אַ נייער שפּראַך, האָב איך דאַן ניט געוואוסט). — אָט דאָס וואָס איך דערצייל איז פאָרגעקומען אין וואַרשע — די אַמאָליקע וואַרשע: די שטאָט אין וועלכער עס האָבן געלעבט אַ האַלבער מיליאָן יידן, ווען זי האָט גע׳שמ׳ט מיט באַרימטע דאָקטוירים יידישע, מיט צדקה־חברות, מיט שפּיטאָלן, און אַנדערע אינסטיטוציעס. דער וואַרשעווער יידישער שפּיטאָל (אין טשיסטע) מיט זיין גרויסן פאַרנעם, איז פאַר אָרעמע מענטשן געווען, ווי דער לייכט־טורעם צו אַ שיף אין אַ צעשטורעמטן ים. פון אומעטום (אויסער וואַרשע אַפילו) איז מען געפאָרן היילן זיך אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל, ווייל דאָרטן זיינען אַריינגעגאַנגען די גרעסטע דאָקטוירים פון שטאָט.

אין אָקטאָבער 1901 האָט מען מיך אַ קראַנקן געבראַכט אין דעם שפּיטאָל. די אָפּטיילונג נומער פינף, וואוהין מ׳האָט מיך אַריינגעטראָגן, איז פול געווען מיט קראַנקע, האָט מען פאַר מיינעטוועגן אַוועקגעשטעלט אַ בעטל אין קאָרידאָר.

ווייל עס איז געווען פאַרנאַכט ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, האָב איך גערדאַרפט וואַרטן אויפן צווייטן אינדערפרי פאַר די רעגולערע דאָקטוירים. דערווייל האָב איך זיך דערוואוסט, אַז כמעט אַלע קראַנקע זיינען גאַנצע „פּריצים״ דאָ ביי זיך! זיי ליגן זיך אין די בעטן, און אַלץ דאַרף דער וועכטער זיי צוטראָגן.

די נאַכט האָט זיך פאַר מיר אויסגעצויגן זייער לאַנג. אַ הוסטן פון די

צימערן האָט זיך געטראָגן צו מיינע אויערן, און שלעכטע רעיונות האָבן מיך גענומען פּייניקן. נאָר דער נאַכט־וועכטער, וואָס איז מערסטנס געזעסן אין קאָרידאָר, איז אַלע ווײַלע צוגעקומען און גערעדט צו מיר: — ער האָט מיך געטרייסט און געגעבן גוטע האָפענונגען אַז פונדאַנען וועל איך אוודאי אַרויס־גיין אַ געזונטער, מחמת די דאָקטוירים, און איבערהויפּט דאָקטאר זאַמענהאָף, וועלן גוט אַכטונג געבן אויף מיר.

אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, זיינען אַריינגעקומען צוויי דאָקטוירים: איינער אַן עלטערער, דער צווייטער אַ יונגער מענטש. דער עלטערער איז געווען פּראָפעסאָר פריידענזאָן. ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ גרויסן קאָפּ האָר, מיט אַ געשוירן שפּיציק בערדל. דער יונגער, אַ מיטל־געוויקסיקער, מיט שוואַרצע שיטערע האָר פאַרקעמט אין מיטן, מיט אַ שוואַרץ בערדל וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ „לאָפּעטקע", און גאָלדענע ברילן אויף זיין דינער נאָז, דער איז געווען ד״ר לודוויג זאַמענהאָף.

איך בין געווען אַ נייער קראַנקער, און כ׳בין געלעגן אין קאָרידאָר, זיינען זיי ביידע צוגעקומען גלייך צו מיר. פריידענזאָן האָט געטאַפּט מיין פּולס, געקוקט אין מיינע אויגן אַריין, און גערעדט אויף אַ שפּראַך וועלכע כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען. דערנאָך האָט זאַמענהאָף זיך אָוועקגעזעצט לעבן מיר אויפן בעט, מיך אויסגעהערט מיט זיין טרובקעלע אויף מיין ברוסט, אויסגעקלאַפּט מיינע ריפּן, און געפרעגט ביי מיר עפּעס אין פּויליש. געהערט אַז מיין „פּויליש" איז ווייט פון צו זיין „די פּוילישע שפּראַך", האָט ער געשמייכלט, און גענומען רעדן האַלב יידיש, האַלב דייטש.

ווידער איז אָנגעגאַנגען צווישן ביידע דאָקטוירים אַ לענגערער געשפּרעך, און זאַמענהאָף האָט פאַטערלעך מיך געגלעט, און געהייסן ליגן אין בעט רואיק . . .

מיט די דאָקטוירים איז אויך מיטגעגאַנגען די הויפּט־נוירס (די „פּאַניע" האָט מען זי דאָרט גערופן) און ד״ר זאַמענהאָף האָט אַ זאָג געטאָן צו איר: — „אים וועט איר מוזן אַריינלייגן אין אַ באַזונדערן צימער. אָט־דאָ איז פאַר אים ניט גוט". אָבער די „פּאַניע" קלערט אים אויף אַז ס׳איז נישטאָ קיין ליידיקע צימערן. זאָגט ער ווידער צו איר: „ער איז דאָך אַזוי יונג! . . . נעמט אַרויס פון אַ צימער עמיצן אַנדערש, און בייט זיי איבער". און נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך ווי אַ יונגער „פריץ" געלעגן אין אַ ריינעם, לופטיקן צימער, און געטראַכט וועגן דעם ד״ר זאַמענהאָף: ווייל אין מיינע זעכצן יאָר לעבן האָב איך געזען לעבן זיך דאָקטוירים, אָבער יענע זיינען געווען מיט קאַלטע, אָנגעכמורעטע פּנימער —און קאַלטע הערצער.

אין עטלעכע טעג אַרום איז צו מיר געקומען די „פּאַניע" און מיר אָנגע־

זאָגט, אַז דער „שערער" וועט מיר היינט אָפּשערן מיינע לאַנגע האָר. קיין גוטס האָט זי מיר דערמיט נישט געטאָן. די אויפרעגונג האָט מיין האַרץ פאַר־ערגערט. איך האָב ליב געהאַט מיינע לאַנגע האָר, און נישט געוואָלט זיי אָפּשערן. ווען ד"ר זאַמענהאָף איז געקומען און ער האָט מיך „אויסגעהערט", האָב איך אים געמוזט דערציילן דעם אמת. זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט. ער איז גלייך אַרויסגעלאָפן, און טאַקע גיך זיך צוריקגעקערט מיט דער „פאַניע". זי האָט מיר פאַרזיכערט אַז מיינע האָר וועט מען שוין ניט אָפּשערן.

עטלעכע וואָכן זיינען פאַרבייגעגאַנגען. דער ווייסער פּאַפּיר (טשאַרט), וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו מיין בעט, איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער פאַרשריבן, דורך ד"ר זאַמענהאָף. מיין צושטאַנד איז ניט בעסער געוואָרן. אַ פּאָר מאָל אין וואָך איז געקומען צו מיר פּראָפעסאָר פריידענזאָן מיט נייע „וויזיטינג־דאָקטוירים", און זיי האָבן צווישן זיך געהאַט אַ „קאָנסוליום".

אויף דער אַכטער וואָך, אין אַ אינדערפרי, האָבן זיך לעבן מיין בעט אַרומ־געשטעלט עטלעכע דאָקטוירים, און מיט זיי איז געווען אַ באַרימטער כירורג, ד"ר קראָזע; ער האָט מיט זיינע גלאַטע פינגער געטאַפּט מיינע ריפּן, און גערעדט מיט די איבעריקע דאָקטוירים אין לאַטייניש. אויפן אַנדערן טאָג, ווען ד"ר זאַמענהאָף איז צו מיר אַריינגעקומען, האָט ער מיר אָנגעזאָגט די „גוטע בשורה" — אַז אין אַ וואָך אַרום וועט מען מאַכן אויף מיר „אַן אָפּעראַציע" . . .

ווען מען ליגט אין אַ שפּיטאָל אַ לענגערע צייט, דערוואוסט מען זיך שוין „ווער" איז „ווער", האָב איך אויסגעפונען אַז ד"ר קראָזע איז דער בעסטער ווען עס קומט צו „אָפּעראַציעס", כאָטש אַזוי איז ער אַ קאַלטער און אַ שטרענגער מענטש.

צום באַשטימטן טאָג אין אַ אינדערפרי, האָט מען מיך וואַרעם אָנגעטאָן און אַריבערגעפירט אין אָפּטיילונג נומער 2, וואו מען מאַכט די אָפּעראַציעס.

ווען איך בין שוין געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש, און אַ יונגער דקטאָר איז געשטאַנען לעבן מיר גרייט אַרויפצולייגן אויף מיין נאָז אַזאַ קיילעכיק „זיפּעלע", האָב איך ערשט דערזען אַז ניט „קראָזע" גייט מאַכן אויף מיר די אָפּעראַציע, נאָר דער ד"ר שפּילערייך, אַ דערשראָקענער האָב איך זיך געטאָן אַ זעץ־אויף און געזאָגט, אַז איך וויל ד"ר קראָזע זאָל דאָס טאָן, ניט קיין אַנדערער . . . איז געוואָרן אַ טומל . . . און איך האָב זיך דערווייל אַרונטער־געשאַרט פון אָפּעראַציע־טיש, גרייט צו גיין צוריק פון וואַנען איך בין גע־קומען. איך האָב זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן אַריינרופן דעם ד"ר זאַמענהאָף; אַז אָן אים וועל איך ניט לאָזן מ'זאָל מיך אָפּערירן.

מ'האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צווייטן צימער, און כ'האָב געוואַרט ביז

ד״ר זאַמענהאָף איז געקומען צו מיר. ער האָט מיר אָנגעזאָגט אַז די אָפּע־ראַציע ווערט „אָפּגעלייגט אויף אַ וואָך״, ווייל ד״ר קראָזע איז די וואָך פאַר־נומען ערגעץ אַנדערש.

— — — אָט אַזאַ מענטש איז געווען דער ביאַליסטאָקער יידישער ד״ר לודוויג זאַמענהאָף, דער באַשאַפער פון א נייע שפּראַך, וועלכע וועט, ווי ער האָט געגלויבט, פאַרברידערן די מענטשהייט איבער דער גאַנצער וועלט. ער האָט פאַרמאָגט (ווי איך פאַרשטיי דאָס איצט) ניט נאָר אַ רייכן „דענק־אַפּאַראַט״, נאָר אויך אַ גוט האַרץ . . .

איך וויל דאָ אויך עפּעס דערקלערן: עס איז אָנגענומען אז ד״ר זאמענהאָף איז געווען אַ „אויגן־דאָקטאָר״. עס איז ריכטיק, אָבער, דאָס איז געווען ערשט דערנאָך ווען ער האָט שוין געהאַט פּראַקטיצירט מעדיצין. פאַר מיין צייט איז ער געווען אַ מעדיצין־דאָקטאר, ספּעציאַליסט אין האַרץ־ און לונגען־קראַנק־הייטן. ער האָט אויך פּראַקטיצירט האַלדז־, נאָז־ און אויערן־קראַנקהייטן. איך פלעג אים אָפט זען אומגיין מיט אַ קיילעכדיקער שפּיגל־גלאָז אויפן שטערן זיינעם.

צום לעצט, ווייזט אויס, האָט ער זיך גענומען צו אויגן־דאָקטאָריע. אָבער מער פון אלעם, איז ער אין מיין געדאַנק געבליבן אַלס ד״ר זאַמענהאָף, דער גוטער, האַרציקער מענטש, דער יידישער דאָקטאר פון ביאַליסטאָק.



# פון אַמאָליקער וואַרשע

איך געדענק: אין מיינע יוגנטלעכע טעג, אין דער אַלטער היים, פלעג איך גאַנץ אָפט איבערלאָזן מיין אַרבעט־געשעפט, און אַוועקפאָרן קיין וואַרשע, כדי צו קענען „אַריינכאַפּן" אַ ביסל יידיש טעאַטער, און פאַרבייגיין אַ יידישע רעדאַקציע, וואו מ'האָט געדרוקט די צייטונגען וועלכע איך האָב דאַן געלייענט. איך האָב ליב געהאַט אַריינצוגיין אין „עקסעלמאַנס רעסטאָראַנט", און אַמאָל אין „גרינבערגס רעסטאָראַנט", אָנצועסן זיך מיט די גוטע שפּייזן. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרפעלט אַ שפּאַציר צו טאָן דורך די יידישע גאַסן: די נאַ־ליעווקעס, דזשיקע, פראַנטשישקאַנער, די מילע גאַס, און אַנדערע. עס האָט מיך גאָר ניט געצויגן צו גיין אָנקוקן די ‚מאַרשאַלקאָווסקע" און אַנדערע פּוילישע גאַסן. און כאָטש איך האָב ניט געקענט „צעקייען" די וואַרשעווער יידישע שפּראַך, דאָך איז זי מיר געווען ליב צו הערן.

און אַהיימפאָרן פלעג איך מיט אַ פּאַק אָנגעקויפטע יידישע צייטונגען, אַ פּאָר זשורנאַלן, אַ פּאָר ביכער, און מיט צופרידענע איינדרוקן וועגן דער גרויסער יידישער וואַרשע.

אמת, ניט אַלע מיינע איינדרוקן זיינען געווען צופרידנשטעלנד צו מיר דעם יידן: ווייל וואַרשע האָט דאַן אויך פאַרמאָגט אַ „ביסעלע" שלעכטע פּאָ־ליאַקן, און דער ייד איז גרויס געווען אין זייערע אויגן . . . אָבער, זיי זיינען נאָך דאַן ניט געווען די הויפּט־באַלעבאַטים פון וואַרשע: זיי זיינען נאָך דאַן געווען די „פאַרשקלאַפטע" צו דעם רוסישן צאַר, און דער ייד איז נאָך ניט געווען זייער הויפּט־שונא. אָבער פיינט האָבן אַ יידן האָבן זיי „געמעגט".

אָבער אַז איך טראַכט וועגן זיי היינט, קוקן יענע אויס צו מיר ווי „ריינע מלאכים", אינם ליכט פון דאָס פאַרגעקומענע, אין די יאָרן זינט די פּאָליאַקן זיינען געוואָרן די אַליין־הערשער פון פּוילן (און נאָכדעם זייער צוזאַמענאַרבעט מיט די דייטשן).

דאָך וויל איך דאָ דערמאָנען בלויז עטלעכע „עפּיזאָדן" פון מיין צייט (ווען איך בין דאָרטן געווען), כדי אָנצואווייזן אַז אַפילו דאַן האָבן זיך געפונען יידן וועלכע האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט ווען בייזע פּאָליאַקן האָבן אָנגעגריפן אַ יידן.

— — — עפּיזאָד איינס: לעבן אַ רייכן־לאָמפּן־געשעפט האָבן פאַרביי־גייענדיקע מענטשן זיך אָפּגעשטעלט, און אַריינגעקוקט, צוגעהערט זיך צו אַ קריג, וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען צווישן אַ יידישער פרוי און אַ פּוילישן „פריקאַשטשיק" (פאַרקויפער).

שטייענדיק דאָרטן האָב איך גיך זיך דערוואוסט וועגן וואָס זיי קריגן זיך:

די יידישע קליינע פּרוי, פון וועלכער ס'האָט זיך „געהערט דער ריח פון הערינג" (זי האָט פאַרמאָגט אַ הערינג־סקלאַד), איז אין איילעניש אַריין אין דאָזיקן לאָמפּן־געשעפט, איינקויפן פאַר איר רייכער היים (וואָס זי האָט פאַר־מאָגט) אַ שיינעם לאָמפּ (וואָס איז געווען דאַן אין דער מאָדע), און אַז מען האָט געלט, ווייסט מען שוין וואָס איינצוקויפן. זי האָט אויף גיך איבערגעקוקט אַלע לאָמפּן אין דעם שיינעם געשעפט, און אויף איינעם האָט זי זיך אָפּגע־שטעלט, און זי האָט אַ זאָג געטאָן צו דעם יונגן פּריקאַשטשיק: — „וויפיל באַדאַרף אָט־דער לאָמפּ קאָסטן?" דער יונגער פּאַליאַק, וועלכער איז שוין געווען „באַוואוסטזיניק" צו זיין אייגענעם „יחוס", האָט מיט חוזק־בליקן אָפּ־געמאָסטן דער „זשידאָווקע", פון וועלכער עס דערגייט צו זיין איידעלער נאָז דער ריח פון הערינג . . . און ער האָט איר אָפּגעענטפערט מיט אַ טאָן פון גרינגשעצונג; ווייל אין זיינע אויגן האָט זי ניט אויסגעקוקט צו קענען קויפן אָט־דעם טייערן לאָמפּ: — „אָט־דער לאָמפּ? . . . אפשר פופציק רובל!" — און ער האָט צו איר נאָך דערביי נאַריש געשמייכלט.

און די „נאַרישע יידישקע" איז פון זיין ענטפער ניט דערשראָקן געוואָרן. זי האָט קאַלטבלוטיק אַרויסגענומען פון איר פאַרשמאַלצענער (פון די הערינג ליאַק) קעשענע די פופציק אַסיגנאַציעס, און זי האָט אים געבעטן „איינפּאַקן דעם לאָמפּ!" . . .

— „פּראָשע פּאַניע! אָט איז די פופציק רובל, און דער לאָמפּ איז מיינער!" — גאָר פּשוט. ערשט דאַן האָט זיך עס אָנגעהויבן דער קריג. ער האָט געטענהט, אַז ער האָט בלויז געמאַכט אַ שפּאַס; אַז דער לאָמפּ פאַרקויפט זיך פאַר אַ הונדערט מיט פינף און צוואַנציק רובל! . . .

אָבער די „זשידאָווקע" האָט דערפון ניט געוואָלט וויסן. פון „איר" זאָל ער קיין שפּאַס ניט מאַכן! — האָט זי געטענהט. (פּויליש האָט זי גערעדט בעסער פון אים.)

און דער עולם, אין דרויסן, האָט זיך באַזונדער געקריגט: די יידן האָבן געזאָגט אַז די יידישע פרוי איז גערעכט, און פּאַליאַקן האָבן געזאָגט —

— „וואָס דען? די זשידעס וועלן שוין געפינען דעם וועג ווי אָפּצונאַרן ערלעכע פּאַליאַקן ! . . "

עפּיזאָד צוויי: איך בין אַמאָל געגאַנגען אין פּראַגע, אויף „טאַרגאָווע" גאַס. דער פרימאָרגן איז געווען אַ שיינער, און דער טראָטואַר איז געווען אַ ברייטער. מענטשן זיינען דאַן געגאַנגען הין און צוריק. אָבער איין יידישער יונגערמאַן איז זיך דאָרטן געגאַנגען „ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין": ער איז געגאַנגען „צוליב געשעפט". ער האָט געהאַלטן אין זיינע הענט אַ ברע־טעלע, און אויף דעם איז געלעגן „שאָקאָלאַטקעלעך, ארבעסלעך, און ציקאָר־עפּעלעך" — „קויפט, קויפט וואַבעלעך, יידעלעך קויפט!" — האָט ער זיך געבעטן ביי די פאַרבייגייער זיי זאָלן ביי אים עפּעס קויפן.

נאָר אָט האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים אַ הויכער גויעץ. ער האָט דעם „פּאַרקויפער“ פריער אָנגעקוקט, נאָכדעם האָט ער אַ נאַש געטאָן פון די זיסע זאַכן, און אַז דער ייד האָט צו אים אויסגעשטעלט זיין האַנט, נאָך דעם גראָשן, האָט ער זיך צעלאַכט, און געכאַפּט נאָך אַ צוקערקע אין מויל אריין. צו דעם האָט ער דעם יידנס היטעלע פאַרן דאַשיק אים אַרונטערגעצויגן איבער די אויגן . . .

דער ייד האָט זיך קעגן אים געוועלט, ער האָט אים פון זיך אַוועקגעטריבן, האָט דער גוי געטאָן דעם יידן אַ שטויס אין האַרצן אַריין, און דער ייד איז אַוועקגעפאַלן אויפן שטיינערנעם אַספאַלט, און די גאַנצע „קראָם“ סחורה האָט זיך פאַרשאָטן ארום אים . . .

עס איז געוואָרן אַ ליאַרעם, אַ געשריי, מענטשן האָבן זיך אַרומגעשטעלט, און מ׳האָט מורא געהאַט צו „שטעלן זיך אַנטקעגן דעם הויכן גוי“ . . .

נאָר באַלד איז אָנגעפאָרן אַ ברייטער וואָגן פאַרלייגט מיט זעקלעך מעל, און אויף די מעל־זעקלעך זיצט אַ יידישער פורמאַן מיט אַ לאַנגער בייטש אין זייט האַנט. ער האָט געטאָן אַ „צי“ די לייצעס, און די צווי שטאַרקע פערד האָבן זיך ראַפּטאָם אָפּגעשטעלט. דער ייד מיטן בייטש אין האַנט איז אַרונטער־געקראָכן פון זיין הויכן זיץ, און ער איז צוגעקומען צום רעדל מענטשן.

ער האָט אָנגעשטעלט זיין אויער, אויסגעהערט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און ער האָט געטאָן אַ „באַפעל“ — „צעגייטצעך!“ . . .

דאָס „רעדל“ מענטשן האָט זיך אַ צעשפּרייט געטאָן, געמאַכט אַ וואַרע פאַרן יידן מיט דער בייטש. דער פאַרמעליקטער ייד האָט צוערשט אָנגעקוקט דעם גוי, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען לעבן זיין אומגעפאַלענעם קרבן און געלאַכט פון די זשידעס וועלכע האָבן פאַר אים מורא . . .

מיטאַמאָל האָט זיך דעם יידנס בייטש צעכוואַשטשעט . . . און ביי יעדן כוואַשטש . . . האָט זיך די בייטש „פאַרטשעפּעט“ אינם לאַנגן גוי . . . און די בייטש האָט ניט אויפגעהערט צו שמייסן: איבערן פּנים, איבער די הענט, און איבער זיין גאַנץ לייב־לעבן . . . ביז דער גוי האָט זיך אַליין אויך אַוועק־געלייגט אויפן אַספאַלט און געשריגן: „ראַטואיטשע פּאַנאָוויע! . . . “

און דער עולם אַרום האָט גע׳פּסק׳נט: דער הונט האָט פאַרדינט די בייטש . . .

עפּיזאָד דריי: איך בין אַמאָל אָנגעקומען אויפן „טערעספּאָליער וואָקזאַל“, אין פּראַגע (וואַרשע). דער וואָקזאַל, ניט קיין גרויסער, איז געוואָרן אַ שטור־פּעניש, אַ לויפעניש, מען האָט געאיילט צום אַרויסגאַנג, וואו עס האָבן געוואַרט פאַר די אָנגעקומענע פּאַסאַזשירן אַלערליי טראַספּאָרט־מיטלען: דראָשקעס, אומניבאָסן, און טראַמווייען.

דער טראַמוויי איז געווען שטאַרק פּאָפּולער, ווייל ס׳האָט געקאָסט ביי־ליקער. זיינען אָבער דאָרטן געווען די ביינקלעך צום זיצן צעטיילט: אויף

„ערשטע קלאַס“ און „צווייטע קלאַס“. ערשטע קלאַס האָט באַטראָפן פינף קאָפּיקעס אַריינצופאָרן קיין וואַרשע, און צווייטע קלאַס—נאָר דריי קאָפּיקעס.

אין יענע יאָרן איז איינצובריינגען זיך צוויי קאָפּיקעס געווען אַ קרן. האָבן זיך אַלע געיאָגט צו פאַרכאַפּן דאָס מציאהדיק ביינקל.

צוזאַמען מיט אַלע „לויפערס“ איז אויך געלאָפן אַ קורץ פּויליש יידעלע, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן קאַפּטאַן, אַ שמאָל שוואַרץ היטעלע אויפן קאָפּ, און אַ פּאָר דיקע אויגן־גלעזער אויף זיין דינע נאָז.

לויפנדיק האָט דאָס יידעלע (אומגערן) אַרויפגעטראָטן אויף דעם „שלעפּ“ פון אַ קלייד, וואָס האָט זיך ביי אַ גייענדיקער „דאַמע“ נאָכגעשלעפּט אויף דר׳ערד, אַזוי ווי ביי אַ פּאַווע דער עק . . . אין גרויס געאייל האָט זיך דאָס יידעלע ניט אָפּגעשטעלט „אָפּצוזאָגן“ דעם סקאַרבאָווען פּוילישן „פּשעפּראַ־שעם“, נאָר ער איז זיך ווייטער געלאָפן.

אָבער גלייך אונטער אים איז שוין נאָכגעלאָפן אַ הויכער, אַ דינער, מיט אַ פּאָר קוטשאַרסקע באַקן־בערד, מיט אויפגעשטעלטע, לאַנגע וואָנסן, און — אַן אויפגעהויבענעם שטעקן אין זיין האַנט . . .

אַז ער איז שוין געשטאַנען נאָענט לעבן יידן, איז דער שטעקן מיט פולער קראַפט „אַרונטערגעפאַלן“ . . . אויף דעם יידנס קאָפּ . . .

רויטע בלוט־שנירלעך האָבן זיך באַלד אָפּירגעגאָסן פון אונטערן היטע־לע . . . און אָפּגעפאַרבט אויף רויט: זיין נאָז . . . זיין פּנים . . . און זיין געלבלכע באָרד . . .

אַ באַפרידיקטער, האָט דער ריטערלעכער פּאַליאַק זיך אומגעקערט צו זיין „פּאַניענקע“, מיט דעם „שטאָלץ“ פון „אַ זיגער“, ווי נאָך אַ שלאַכט, און זיינע ווייסע, „איידעלע“ פינגער האָבן צערטלעך געוויקלט זיינע וואָנסעס אויף אַרויף, אַזוי ווי אַ צערייצטער אָקס ווייזט זיינע אויפגעשטעלטע הערנער . . .



# איציקלס לעצטע נקמה

אין אַ ווינטער־פרימאָרגן האָט מען אריינגעפירט אַ קראַנקן מאַן אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל אין „טשיסטע".

דער מאַן איז געווען אָנגעטאָן אין אַ וואַרעמער קורטקע מיט געפּאַסטע הויזן און אַ פּאָר שטיוול מיט לאַקירענע כאָלעוועס. זיין פּנים איז געווען שטאַרק אָפּגעצערט און באַוואַקסן מיט אַ שוואַרץ בערדל, אויסגעשוירן „אַלאַ פראַנצויז". זיין נאָמען איז געווען איציקל.

די פּאַרוואַלטערין פון דער אָפּטיילונג (די פּאַניע) האָט אַריינגעפירט איציקלען אין אַ באַזונדערן צימער, פאַר וועלכן ער האָט באַצאָלט, און האָט איר אָנגעזאָגט, „מ׳זאָל קיינעם ניט לאָזן אַריינגיין צו אים", אַפילו פון זיינע אייגענע אויך ניט.

איציקל איז געווען „ניט אַבי ווער" — ער איז געווען „גוט־ברודער" מיט אַלע שיינע־לייט פון „מאנקיטאָוו" (אין וואַרשע איז געווען אַזאַ געגנט, וואו ס׳האָבן זיך אויפגעהאַלטן „די בלאַטע יונגען" מיט זייערע נקבות").

איציקל איז צו דעם נאָך געווען אַ „בכבודיקער קאַטערינשטשיק". ער האָט פאַרמאָגט זיין אייגענעם שפּיל־קאַסטן און צוויי „קליינע ווייסע מייזעלעך". די מייזעלעך האָבן אים געבריינגט אַ „שפע" מיט געלט: זיי זיינען אַזוי „קלוג" געווען, אַז זיי האָבן מיט זייערע שפּיציקע מיילכעלעך ארויסגעצויגן פון אַ קליין שופלאָדל אַזאַ אָפּגעדרוקט „צעטעלע", אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן דעם אָדער יענעמס „גורל" — און דער בעל־גורל האָט אים פאַר דעם באַצאָלט אַ צענערל (צען גראָשן).

איז איציקל געגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסן מיטן שפּילקאַסטן, און ער האָט אויסגעשפּילט אויף אים דאָס רוסישע קלאָג־ליד — „ראַזלאָקי מוי ראַזלאָקאָ".

זיינע צוהערער, אויבן און אונטן, האָבן געוואָרפן גראָשנס און קאָפּיקעס צו אים אין היטל אַריין, און איציקל האָט פאַרדינט אַ סך געלט.

אָבער אויף איינעם פון די אָרעמע „הויפן" האָט איציקל דערזען אַ שיין אָרעם מיידל. ער האָט זי שוין ניט אַוועקגעלאָזט פון זיינע אויגן. ער האָט מיט איר „געשלאָסן אַ באַקאַנטשאַפט", און ער האָט אַזוי לאַנג אין איר אַריינגערעדט, ביז זי האָט אים צוגעזאָגט, אויב אירע עלטערן וועלן באַשטיין צו נעמען אים פאַר אַן איידעם, וועט זי מיט אים חתונה האָבן. גרינג איז איציקלען ניט אָנגעקומען, ביז אירע עלטערן האָבן זייער צושטימונג געגעבן.

איציקל האָט דאָס מיידל „באַנייט און באַקליידט", אַפילו באַצאָלט אַלע

התונה־הוצאות. איציקל האָט פאַר זיין יונג ווייבל צוגעגרייט אַ בעסערע דירה ווי זי האָט געהאַט ביי אירע עלטערן, און זי האָט געמיינט אַז זי האָט אַגוטן שידוך געטאָן. אמת, ער איז געווען גוט צו איר, און דער גראָשן האָט איר ניט אויסגעפעלט.

מיטאַמאָל איז איציקל געוואָרן אַ „סטאַטיק״. ער האָט זיך דערווייטערט פון זיינע אַלע ״פּשיאַטשעלעס״, און ער איז נישט געגאַנגען אין „יענע ערטער״. ער האָט זיך געלעבט מיט זיין אייגן ווייב, ווי אַ „פרומער ייד לעבט״.

עס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ניט לאַנג. איציקלען האָט צוריק גענומען ציען „נאָך יענעם סאָרט לעבן״. פלעגט ער איבערלאָזן זיין יונג ווייבל אין שטוב און אליין איז ער געגאַנגען הולטייעווען מיט „יענע לייט אין מאַנקיטאָוו״ . . .

זיין ווייב, פייגע, האָט פון דעם נישט געוואוסט. אַ אָרנטלעכע יידישע טאָכטער געטרויט איר מאַן, ווען ער זאָגט אַז היינט דאַרף ער זיין דאָ און מאָרגן דאָרטן.

ס׳האָבן זיך שוין אָפּגעזוכט מענטשן וועלכע האָבן איר „אירע אויגן גע־עפנט״, און זי האָט זיך דערוואוסט וואָס פאר א „צאַצקע איר מאַן איציקל איז״.

פייגען איז געוואָרן ביטער אויפן האַרצן . . . זי האָט געפּרואווט רעדן צו איר מאַן און געבעטן אים, אַז ער זאָל צו איר זיין אַן אָרנטלעכער מאַן, אָבער אירע ווערטער האָבן אויף איציקלען ניט געווירקט. פייגע האָט געליטן און געשוויגן. ווען זי האָט מער ניט געקענט שווייגן, האָט זי אַלץ דערציילט צו אירע עלטערן, און זיי האָבן איר קוים איבערגערעדט, אַז זי זאָל אים פאַרלאָזן און צוריק גיין צו זיי.

ווען דאָס איז געשען, האָט איציקל „איינגעלייגט וועלטן״, געבעטן, זי זאָל זיך צוריקקערן צו אים, אָבער זי האָט מער נישט געוואָלט הערן פון אים. זי איז פאַרבליבן ביי אירע עלטערן.

אמת, מ׳האָט איר אָפּדערציילט אַז „איציקל וועט איר קיינמאָל ניט געבן קיין גט״, אָבער זי האָט זיך געהאַלטן ביי איר באַשלוס: אַז צו אים וועט זי צוריק ניט גיין.

און איציקל איז אויך ניט „פאַרבליבן אויף הפקר״: ער איז צוריקגע־גאַנגען אין מאַנקיטאָוו, פונוואַנען ער איז צו איר געקומען.

אַ יאָר איז פאַרגאַנגען, און איציקל האָט זיך ענדלעך „איינגעהאַנדלט די מציאה״ — ער איז קראַנק געוואָרן אויף דער ווענערישער קראַנקהייט, מיטן שיינעם נאָמען „סיפיליס״. (פּראָפעסאָר עהרליך האָט נאָך דאַן ניט געהאַט געגעבן דער וועלט זיין הייל־מיטל — 606.)

ער האָט א לאנגע צייט זיך געהיילט ביי דאָקטוירים„ און זיי האָבן אים ניט געהאָלפן. דאַן האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין דעם וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל.

וואָכן און חדשים זיינען פאַרגאַנגען, און איציקלען האָט דער שפּיטאָל

אויך ניט געהאָלפן. די קראַנקהייט (סיפיליס) האָט שוין אויך אָנגעגריפן זיין האַלדז . . . און ער האָט מער ניט געקענט רעדן.

איז איציקל געלעגן אין זיין בעט אַ פאַרטראָגענער, איינער אַליין, אַ דער־ווייטערטער פון אַלעמען, אפילו פון זיינע „באָענטע", ווייל ער האָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלן צו אים ניט קומען. אָבער אין איינעם אַ פרימאָרגן איז איציקל געוואָרן שטאַרק איבערראַשט: ווען ער האָט דערזען שטיין לעבן אים צוויי חברה־לייט מיט טשופּרינעס שוואַרצע האָר אויף זייערע קעפּ, און זייערע ממזר"שע אויגן קוקען אויף אים: אָט די זיינען געווען זיינע „פּשיאַטשעלעס" (חברים).

בשעת מעשה האָט איציקל פאַרגעסן, אַז ער האָט זיי געהייסן ניט קומען צו אים אין שפּיטאָל אריין, נאָר אַז ער האָט זיי איצט דערזען, האָט ער זיך ביי זיך אין האַרצן גאָר דערפרייט. ער האָט טאַקע שוין געבענקט נאָך „עמיצן".

אָבער די צוויי חברה־לייט זיינען אויך געווען איבערראַשטע: זעענדיק וואָס ס'איז געוואָרן פון איציקלען . . . ס'האָט זיך ביי זיי ניט געעפנט די מיילער צו פרעגן ביי אים עפּעס, און ווען זיי האָבן אים שוין געפרעגט, האָט איציקל נישט געקענט ענטפערן . . . ער האָט צו זיי בלויז געפינטלט מיט זיינע אויגן; געעפנט און פאַרמאַכט . . . זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז איציקל פאַרמאָגט שוין ניט מער זיין אַמאָליקן פּיסקאַטש . . . און ס'האָט אין יענער רגע ביי זיי אַ קלעם געטאָן די הערצער . . .

אָבער זיי האָבן לאַנג ניט געשוויגן. זיי האָבן זיך צערעדט אָן אַ אָפּשטעל. און איציקל האָט מיט זיינע אויגן כסדר געפינטלט: אַ סימן אַז ער איז צופרידן מיט אַלץ וואָס זיי האָבן אים אָפּדערציילט. אָבער מיטאַמאָל איז איציקלס פרייד פאַרשטערט געוואָרן: ער האָט דערהערט דעם נאָמען פון זיין ווייב „פייגע" . . . אין איציקלען האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן אַ פייער . . . ער האָט קוים אָפּירגענומען זיין ביינערדיקע האַנט פון אונטערן צודעק און מיט איר אָנגעוויזן צו דער טיר . . .

זיינע חברים האָבן זיך געכאַפּט וואָס איציקל מיינט, און זיי האָבן אים איבערגעלאָזט אַליין . . .

— — — פייגע, איציקלס ווייב, האָט שוין געוואוסט אַז איציקל איז אין שפּיטאָל. זי האָט אָבער נישט געוואוסט אין „וואָס עס באַשטייט זיין קרייַנק" . . . זי וואָלט צו אים געגאַנגען געוואויר ווערן, נאָר מ'האָט איר געלאָזט וויסן, אַז ער וויל נישט זי זאָל צו אים קומען. אָבער ווען זי האָט געהערט אַז מיט איר איציקלען „האַלט עס גאָר שמאָל" . . . און זי ווייסט שוין „דעם ריינעם אמת" . . . האָט זיך אין איר האַרצן דערוועקט דער רחמנות צו אים, און זי האָט אפילו געוואָלט גיין צו אים אין שפּיטאָל אַרייַן. אָבער אירע עלטערן האָבן זי ניט געלאָזט. נאָר ווען זי האָט זיי אויך דערציילט „וואָס זי ווייסט", זיינען זיי אויפגעציטערט געוואָרן . . . ניט חלילה צוליב

איציקלס שווערע לאָגע . . . נאָר צוליב דער געפּאַר פאַר זייער איינציק קינד, זייער טאָכטער פייגע.

פייגעס טאַטע איז געווען „ניט בלינד" אין די קליינע פּינטעלעך, וואו עס זאָגט זיך דאָרטן — „ווען דער מאַן שטאַרבט, און ער לאָזט איבער אַ פּרוי אָהן קינדער, דאַרף זיין ברודער מיט איר חתונה האָבן. און ווען ניט, דאַרף ער מיט איר קומען צום יידישן געריכט, און זאָגן אַז ער וויל נישט חתונה האָבן מיט זיין שוועגערין. און די שוועגערין ציט דאַן אַראָפּ פון אים אַ שיך און שפּייט אים אין פּנים אַריין, און זי זאָגט: אַזוי טוט מען אַ מענטשן וואָס וויל נישט אויפשטעלן אַ פאַמיליע צום אָנדענק פון זיין ברודער — דאָס הייסט „חלוצה".

און פייגע האָט זיך שוין אויך דערוואוסט, וואָס פאַר אַ טייערן ברודערל איר מאַן איציקל פאַרמאָגט; אַז יענער איז נישט בעסער פון איציקלען, און צו דעם, געפינט זיך יענער אין ענגלאַנד.

מענטשן האָבן פייגען אפילו געזאָגט, „אויב איציקל וואָלט איר געגעבן אַ ,תני־גט' וואָלט זי נישט דאַרפן דורכמאַכן די דאָזיקע ,פּראָצעדורע' . . . אויב ער זאָל ,חלילה' שטאַרבן . . . "

אָבער פייגע האָט געוואוסט, אַז איציקל וועט עס נישט וועלן טאָן, אפילו ווען זי זאָל גיין וויינען פאַר אים . . .און פון קיין אַנדערן, וועלכער זאָל וועלן גיין „רעדן מיט איציקלען", האָט זי ניט געוואוסט. דערפאַר איז מיטאַמאָל איר לעבן געבליבן הייגגען אויף משקולת . . .

— — — ווען פייגע האָט שוין מער נישט געקענט איבערטראָגן דעם צער פון אירע עלטערן, האָט זי באַשלאָסן צו גיין אַליין רעדן מיט איציקלען.

אין אַ קאַלטן פרימאָרגען איז פייגע, איינע אַליין, אַריינגעקומען אין שפּיטאָל. איר האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו איציקלס צימער. ס'האָבן אירע פיס געציטערט ביי יעדן טריט וואָס זי האָט געמאַכט . . . ווען זי איז שוין געשטאַנען לעבן זיין טיר, האָט ביי איר די האַנט זיך ניט געהויבן זי צו עפענען . . . געדאַנקען זיינען איר באַפאַלן, און זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם וואָס זי האָט איבערגעלעבט: ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון זיין שאַרלאַטאַנסקען לעבן . . . זי האָט זיך געבעטן ביי אים: — „איציקל! יאַך בייט דיאר, מיט מאַאַן גיטן ווילן, גאַיי ניט מעייר אַהין! . . . יאַך בין צי דיר אַ אָרענטלעכע און די באַדאַרפסט צי מיער זאַן אָרענטלעך. אַז די עסט מיער ניש פאָלגן, איציקל, ווען יאַך פין דיער אַוועקגאַייין! . . . "

ווען איציקעל האָט זי נישט געפאָלגט, איז זי פון אים אַוועקגעגאַנגען, טאָ וואָס קען זי אַצינד רעדן דאָ צו אים? מיט וועלכע „רייד" וועט זי דאָ איציקלס האַרץ „ווייכער מאַכן"? . . . „נאַיין, נאַיין . . . כ'קאָן ניש! כ'על

נישט אַראַנגאַיין צין אים! . . . כ׳על מאאן גאַנץ לייבן לאאדן, און נישט אַראַנגיין צין אים, וואיינען פאַר אים, נאיין! . . . ״

— — —אָבער דעם צווייטן טאָג, באַלד אינדערפרי, איז פייגע ווידער געקומען אין שפּיטאָל אַריין, אָבער שוין ניט אַליין. ס׳איז מיט איר געקומען אַ מאַן: אַ הויכער, מיט אַ שוואַרצע באָרד, אַ וואַרעם פעלצעלע אָנגעטאָן, מיט אַ באַראשקאָווע היטל אויפן קאָפּ, אָפּגעפּוצטע שטיוול מיט קאַלאָשן, און ער האָט אויסגעזען ווי אַ רוסישער קאַצאַפּ. נאָר זיין נאָמען איז געווען „שמיליעלע״.

שמיליעלע איז אַמאָל געווען איציקלס אַ שותּף: ביידע זיינען זיי „אויס־געפאָרן די וועלט״ מיט זייערע קאַטערינקעס אויף די פּלייצעס. ווען זיי זיינען ענדלעך צוריק געקומען קיין וואַרשע, האָבן זיי ביידע זיך צעטיילט מיטן גע־שעפט, און איציקל איז געבליבן אין וואַרשע „אַרבעטן פאַר זיך אַליין״.

און ווען איציקל האָט „געפונען זיין באַשערטע״, האָט ער צו זיין חתונה פאַרבעטן זיין פריערדיקן שיתּוף שמיליעלען. שמיליעלע איז געוואָרן אַן אַריינ־קומער צו אים אין שטוב. און שמיליעלעס אָרענטלעכקייט האָט געוואונען פייגעס פריינטשאַפט צו אים אויך. שמיליעלע האָט איציקלען גוט געקענט: דערפאַר האָט ער פאַר אים זיך ניט געשעמט, און ער האָט אים באַצייטנס געוואָרנט: — איציקל . . . האָסטעך גענומען אַ קאָשער (כשר) וואַבל, אַן אָרענטלעך קינד, זאָלסטעזאך מיט איר האַלטן, זאָלסט ניש מער גאיין אין דאַנע „ערטער״, די האַרכסט וואָ סיאַך זאָאג דיער, איציקל ! . . .״

אָבער איציקל האָט שמיליעלעס עצה אויך נישט געפאָלגט, און שמיליעלע האָט אויפגעהערט צו קומען צו אים אין שטוב אַריין.

שמיליעלע איז אָבער געוואָרן אַ גוטער פריינט צו פייגען. ווען פייגע האָט זיך אָן „אים״ דערמאָנט, איז זי געגאַנגען נאָכפרעגן זיך וואו זי קען אים געפינען.

שמיליעלע איז גראָד געווען אין וואַרשע, און פייגע איז געקומען צו דערציילן אים ווי עס האַלט מיט איציקלען. זי האָט אים געזאָגט וואָס זי פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל פאַר אירטוועגן עפּעס טאָן. שמיליעלע האָט איר ניט אָפּגעזאָגט, ער איז געגאַנגען מיט איר אין שפּיטאָל אַריין.

פייגע האָט געלאָזט שמיליעלען אַריינגיין צו איציקלען אין צימער אַריין. איציקל איז געלעגן אין בעט מיט צוגעמאַכטע אויגן. ווען שמיליעלע האָט אים דערזען, האָט ער זיך דערשראָקן קוקנדיק אויף אים. ער האָט אים שטאַרק באַדויערט; אָבער ער האָט ניט פאַרגעסן „ווער איציקל איז געווען״ . . . ער האָט דאָך אים געוואָרנט, אַז ער זאָל אויפהערן צו שאַרלאַטאַנעווען . . . און איציקל האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים . . .

איציקל האָט געהערט אַז עמיצער איז אַריינגעקומען אין זיין צימער. ער האָט אַן עפן געטאָן איין אויג, און דערנאָך דאָס צווייטע אויג . . . ער האָט

עפעס דערזען ווי דורך אַ „רויך", אַז עמיצער שטייט לעבן אים . . . ער האָט אים גיך דערקענט, און אויף זיין פארוואָקסענעם פּנים איז אַ קריינקלעכער שמייכל אויפגעקומען . . . אַז ער וואָלט נאָך געקענט רעדן און אַרויסזאָגן וואָס עס ליגט אים אויפן צונג, וואָלט ער צו אים געזאָגט — „שמיליעלע! מיין אַלטער פריינט, מיין פּשיאַטשעל שמיליעלע! ענדלעך ביסטו צו מיר געקומען געוואויר ווערן זעען וואָס פון מיר איז געוואָרן! האַ? . . . "

אָבער אלץ וואָס איציקל האָט צו אים געקענט „זאָגן", איז אַ פינטל טאָן מיט זיינע אויגן . . . אויף שמיליעלעס פּנים איז געוואָרן קענטיק, אַז דאָס „שליחות", וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, קומט אים אָן ניט גרינג אויס־צופירן; אַצינד ווען ער זעט שוין איציקלען . . . ער האָט אָבער גיך פאַרטריבן פון זיך „זיינע ווייכע געפילן", און ער האָט גענומען רעדן צו איציקלען:

— „איציקל, די דערקאָנסט מיעך? יאַך בין שמיליעלע דאַאן פּראיינט! ..."

— און איציקל האָט אַ פינטל געטאָן מיט זיינע אויגן, אַז ער ווייסט.

שמיליעלע האָט ווייטער גערעדט: — „יאַך בין געקימען צו דיאר פרייגן וואָאס די מאַכסט. יאַך בין ניש הי געוויזן. כ׳האָב איצעטאָ געוואויר גע־וואָרן . . . אין די האַרכסט, איציקל, יאַך האָב אַ סך צי פאַרצאיילן דיער. אָבער כ׳על דאָס לאָזן אָף אַן אַנדערש מאָעל . . . " איציקלס אויגן האָבן זיך צעפינטלט. דאָס האָט געמיינט: "נו, דערצייל כאָטש עפּעס!". און שמיליעלע האָט אין זיין געדאַנק ווידער געטראַכט:

— „יאַך וואייס, איציקל, די ווילסט יאַך זאָל דיער פאַרצאיילן וואָאס מאַכן דאַאנע פּשיאַטשעלעס . . . אין וואָאס עס הערט צעך אין ,מקום׳ . . . אָבער יאַך בין אעייער געקימען צעליב פאַייגען . . . יאַך וויל דיער זאָאגן, אַז צעליב אַ טאַכשעט (תכשיט) ווי די, בעדאַרף נישט פאַייגע אָפּפינצטערן דאָסלייבן אירס! . . . אין די איציקל זאָלסט געדאַרפן איר צי באַפרייען! . . . "

נאָר געזאָגט האָט ער צו אים דאָס מיט אַנדערע ווערטער:

— „די האַרכסט, איציקל, יאַך בין דאַן פּראַאנט . . . זאָל דאַאס זאַן מיער, וואָאס יאַך ווינטש דיער . . . ווייסטאָך וואויל, איציקל, מ׳זעמא קאַיינס נישט באוואָרנט . . . מ׳וואייסט נישט ווײמעס מאָרגן ס׳עט נאָך אָנקימען . . ."

אַן אומרואיקייט איז אויף איציקלען אָנגעפאַלן . . . ער האָט די אויגן געעפנט און צוגעמאַכט . . . ס׳איז אים באַפאַלן אַ געפיל, אַז שמיליעלע גייט אים אַרויפפירן אויף אַ „גליטשיקן וועג" . . . און אַז ער איז געקומען אַהער נישט צוליב אים . . . ער איז געלעגן מיט אונרו און געוואַרט נאָך צו הערן: וואָס וועט שמיליעלע ווייטער אים זאָגן?

— „וואָאס יאַך וויל דיער זאָאגן, איציקל," — האָט שמיליעלע מיט אַ נידעריקער שטים צו אים ווייטער גערעדט — „אַז די זאָאלסט דאַאן פאַייגען אָאגעטן (אָפּ׳גט׳ן). יאַך מאיין אָף קאַטאָוועס (א תנאי־גט) . . . די ווייסטאָך, איציקל, עך וויל דאָאס נישט פאַרן מאָול אַרויסברייינגען, טאָמער, מ׳זעמא

באַ גאָט אין די הענט . . . דאַן עטאָך דאַאן פאַייגע בעדאַרפן צי דאַאן ברידערל אָאנקימען ער זאָל איער דאָס כליצע גייבען (חליצה) אין די וואַייסטאָך וואָסער אָ טאַייער ברידערל די פאַרמאָגסט, ס׳גיטע מעפּאָלע זאָל אָפּן קימען! . . . איז דאפאַר, איציקל, אַז די׳סט מיר זאָאגן וועסט עס טין, קען יאַך בריינגען דיים ראָוו (רב) אין עיר וועט דאָס שוין מאַכן ווי ס׳באַדאַרף צעזאַן! . . . ״

שמיליעלע האָט זיינס אָפּגעזאָגט, און איציקל האָט זיינע אויגן באַך גע־האַלטן צוגעמאַכט . . . אויף זיין פּנים האָט זיך אויסגעלייגט דער טויט . . . קיין איין גליד האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן . . . שמיליעלע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן . . . און ער איז אויף גיך געגאַנגען אַריינשיקן אַ דאָקטאר . . .

אין דעם הויכן ליכטיקן קאָרידאָר איז פייגע געשטאַנען און גערעדט מיטן דאָקטאר. דער דאָקטאר האָט איר אָנגעזאָגט די שלעכטע בשורה, אַז פאַר איציקלען איז מער ניטאָ קיין שום הילף . . . העכסטנס קען ער נאָך אָנציען ביז נאַכט . . .

שמיליעלע האָט שוין גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן פייגען, זעענדיק ווי עס גיסן זיך פון אירע אויגן די טרערן . . .

פייגע האָט אָנגעטאָן איר וואַרעמע פאַטשיילע, און איציקל זיין וואַרעם פעלצעלע; מיט גאָר שטילע טריט, האָבן זיי ביידע פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל . . .

צום טראַמוויי גייענדיק, אַריינצופאָרן קיין וואַרשע, איז פייגע געגאַנגען מיט אַ געפיל, גלייך זי קערט זיך אום איצט פון איר אייגענער לויה . . .



# אַן ערשטער מאַי-פייערונג אין 1905

פאַרגעקומען איז דאָס אין דער שיינער שטאָט (אַמאַליקער) שעדלעץ, אין וועלכער ס'האָבן געלעבט אַ סך יידן. געווען דאָרטן אַרבעטער און סוחרים, חסידים און מתנגדים. אַיעדער קלייזל, צווישן די פרומע, איז געווען אָפּגע־זונדערט. אַזוי זיינען געווען די אַרבעטער־פּאַרטייען אָפּגעזונדערט.

נאָר איין „פּאַרטיי" איז דאָרטן געווען אַ פּאַראייניקטע: די דאָזיקע „פּאַר־טיי" האָט געהערשט איבער אַלעמען מיט אַן אייזערנער האַנט — די רוסישע רעגירונג.

דאָרטן זיינען „געשטאַנען" עטלעכע פּאָלקן סאָלדאַטן און דראַגונער. דאָרט האָט געוואוינט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, מיט אַלע זיינע יוצר־משרתים, און אַ פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט מיט אַלע אונטערטאַנען אַריינגערעכנט.

אין שעדלעץ איז אויך געווען אַ גרויסע גימנאַזיע, אין וועלכער עס האָבן געלערנט אַ גרויסע צאָל סטודענטן, און צווישן זיי אַ קליינער „פּראָצענט" יידישע.

אָט אַזוי, געדענק איך, האָט אויסגעזען די אַמאַליקע שטאָט שעדלעץ, אין וועלכער איך בין געווען אַ קורצע צייט, אין דעם יאָר 1905.

— — — עס איז דאַן געווען אַ קלאָרע נאַכט און מענטשן האָבן גע־מיטלעך שפּאַצירט איבער די גאַסן. און דער קיילעכיקער גאָרטן (פּאַרק), וואָס איז געווען איינגעהילט אין שוואַרצע שאָטנס, איז „אַנעקסירט" געוואָרן פון די יידישע אַרבעטער אין שטאָט.

אין יענעם גאָרטן, וועלכער איז דרך־אגב געשטאַנען אַנטקעגן איבער דעם פּאָליציי־הויז, האָבן די אַרבעטער פון אַלע פּאַרטייען געהאַט זייער „בירזשע". דאָרט זיינען אַלע „קאָנספּיראַטיווע" באַשלוסן פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַרבעטער. אין יענער נאַכט האָט דער „בונד" געלאָזט וויסן וועגן דער „מאַי־פאַרזאַמלונג", וואָס וועט פאָרקומען שבת אינדערפרי, אין וועלדל, וואָס גרענעצט זיך מיט דעם דאָרף „אוגאַן".

שבת אינדערפרי בין איך אויפגעשטאַנען און זיך געאיילט צו טרעפן מיט די חברים אויף דעם אָפּגערעדטן פּלאַץ.

דער וואַרשעווער שאָסיי, אויף וועלכן מיר האָבן זיך געלאָזט גיין, איז געווען גלאַטיק און ריין: פּונקט ווי עמיצער וואָלט אים פאַר אונדזערטוועגן פריער אָפּגעקערט מיט בעזימער. פאַרלעכוויס איז די מאַסע געגאַנגען לענג־אויס דעם שוסיי, וואו פון ביידע זייטן האָבן נאָך די צעאַקערטע פעלדער גע־אָטעמט מיט מאַרגנטוי. אויפן וועג זיינען אונדז אַנטקעגנגעקומען די ערשטע פויערים, וואָס זיינען מיט פולע קרוגן מילך געגאַנגען אין שטאָט אַריין. פון

פויערישע כאַטעס האָבן נייגעריקע אויגן אונדז לאַנג נאָכגעקוקט. און די זון איז שוין געשטאַנען הויך ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין וואַלד.

איבער פינף הונדערט יוגנטלעכע (אַ היפּשע צאָל סטודענטן, יונגע) האָבן זיך אָנגעזאַמלט און פונאַנדערגעשפּרייט אויף דער פלאַכער ערד, וואָס איז געווען באַדעקט מיט פאַרטריקנטע „נאָדלען" פון די ביימער אַראָפּגעפאַלענע. און באַלד האָט עמיצער אויפגעזונגען אַ רעוואָלוציאָנער ליד, די מאַסע האָט אונטערגעהאָלפן, און די ביימער אין וואַלד האָבן ווי „מיטגעזונגען" . . .

אַ „פּאָרשטייער" פון „בונד" האָט באַריכטעט, אַז דער „רעדנער" וואָס איז געשיקט געוואָרן ספּעציעל פון צ. ק. צו דער פאַרזאַמלונג, וועט דאָ באַלד זיין, און אַז דער „פּאַטרול" אונדזערער איז אויסגעשטעלט אויף דער וואַך. די מאַסע איז אויפגעפּאָדערט געוואָרן זיך צו פאַרהאַלטן רואיק, און די פאַר־זאַמלונג האָט זיך „געעפנט".

דער חבר „פּריץ" האָט נאָך אַ פּאָר קורצע דערקלערונגען אָפּגעטראָטן דאָס קלעצל, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען, צום „אומבאַקאַנטן" רעדנער — און אפילו די ביימער אין וואַלד זיינען אויך געוואָרן שטיל.

— „חברים!" — האָט זיין מעכטיקע שטים געדונערט — „עס איז היינט דער ערשטער מאַי! אַ יום־טוב פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס! אין דעם טאָג קומען די אַרבעטער זיך צוזאַמען, און זיי זאָגן צו זייערע באַדריקער, די קאַפּיטאַליסטן, די זעלבסטהערשער און בלוטזייגער פון פאָלק — מאַכט אַ וואַרע פאַרן פּראָלעטאַריאַט און פאַר די פעלקער פון דער וועלט. דער אַרבעטער־קלאַס וועט אויפבויען אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג, וואו ס'וועט זיין פרייהייט, גלייכהייט און זיכערקייט פאַר אַלע! . . . "

די מאַסע האָט אים געענטפערט מיט אַ דונערדיקן „הוראַ"!!

דער רעדנער האָט ווייטער גערעדט, און די מאַסע איז געוואָרן באַגייס־טערט פון דער שילדערונג, ווי עס וועט אויסזען די „סאָציאַליסטישע אָרדע־נונג", און אַלע וויילע אים איבערגעריסן מיט אַ מעכטיקן „הוראַ!" . . .

אַ רייטוועגעלע איז פּלוצלינג אָנגעלאָפן אויפן שאָסיי, גלייך אין וואַלד אַריין. דער „פּאַטרול"־חבר איז געקומען אָנזאָגן אַז „געסט קומען אַהער". די מאַסע האָט אינסטינקטיוו דערשמעקט אַז די פּאָליציי איז אויף אונדזער סליאַד. מען איז אָבער געשטאַנען רואיק און זיך צוגעהערט צום רעדנער.

— „חברים" — האָט דער רעדנער מיטאַמאָל איבערגעריסן זיין רעדע, — "לאָמיר זיך דאָ אַלע פאַרהאַלטן אין אָרדענונג און זיך נישט צעלויפן. לאָמיר דער פּאָליציי ווייזן אַז מיר זיינען נישט קיין שרעקעוודיקע קינדער! מיר זיינען רעוואָלוציאָנערן!".

זיינע ווערטער האָבן געווירקט. די מאַסע האָט נענטער צוגערוקט זיך איינער צום אַנדערן. מען איז געווען גרייט צו גיין מיט „זיי" מיט דער פּאָליציי,

אויב מען וועט אונדז אַלע אַרעסטירן. נאָר באַלד איז אָנגעקומען אַ צווייטער פּאַטרול און באַריכטעט אַז עס רייטן אַהער דראַגונער . . .

די מאַסע האָט זיך אַ וויג געטאָן, ווי די זאַנגען אין פעלד פון אַ שטורעם־ווינט . . .

— „חברים! חברים!" — האָט דער רעדנער געוואָרנט — „שטייט אַלע אויף איין אָרט! אַלע פּאַר איינעם און איינער פּאַר אַלע! . . . לאָמיר זיי באַגעגענען מיט מוט און נישט געבן זיי קיין אויסרייד צו באַנוצן קעגן אונדז זייערע געווער . . . "

די מאַסע איז געבליבן שטיין אַ קיילעכדיקע, און פון אייגענע הענט געמאַכט אַ „קייט" אַרום דער פינף הונדערט קעפּיקער יוגנט, וועלכע איז באַשטאַנען פון מיידלעך און בחורים.

און אָט זיינען אָנגעקומען די לויפנדיקע דראַגונער אויף זייערע פערד. מ'האָט געהערט דעם גערויש פון די רייטער אלץ העכער, שטאַרקער, ביז זיי האָבן זיך אַריינגעיאָגט אין וואַלד אַריין און אַרומגערינגלט די מאַסע, אַז קיינער וועט שוין נישט קענען אַנטלויפן פון זיי.

דער קליינער „פּאָריץ" האָט נאָך באַוויזן צו באַפרייען דעם רעדנער פון זיין „באָרד", אַז מ'זאָל אים נישט אויסטיילן פון די איבעריקע אַרעסטירטע.

דער יונגער אָפיציר איבער די דראַגונער איז געזעסן העלדיש אויף זיין צעיאַכמערט פערד, פון וועלכן ס'איז אַרונטערגערונען שטיקער ווייסע שוים, און ער האָט געגעבן „באַפעלן" צו זיינע קריגער. דער יובל־געשריי פון די דראַגונער, דער געבראַזג פון די שווערדן, דאָס העשען פון די פערד, האָט פאַרגרעסערט דעם פּחד אויף דער מאַסע . . .

נאָר באַלד האָט דער אָפיציר דער ערשטער ארויסגעצויגן זיין שווערד פון שייד, און ער האָט אַ באַפעל געטאָן — „סנימאַיטע שאַשקי!" (נעמט אַרויס אייערע שווערדן!) . . .

אַ שטאָלענער געקלאַנג האָט זיך אַ פאַרטראָג געטאָן איבערן וואַלד. די „קריגערישע פערד" האָבן זיך אַ שטעל געטאָן אויף זייערע הינטערשטע פיס . . . פון זייערע נאָזדרעס האָט אַרויסגעזעצט זיילן פּאַרע . . . און זיי האָבן זיך צעהירזשעט — גלייך זיי וואָלטן זיך צעלאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער, קוקנדיג אויף דער צעשראָקענער מאַסע, צוליב וועלכער מען האָט שיעור פון זיי אַרויסגעטריבן דעם דיך, לויפנדיק אַהער . . .

— "גאָספּאָדין!" — האָט אַ יונגער סטודענט פון דער מאַסע אַ געשריי געטאָן — „מיר זיינען אַלע גרייט צו גיין מיט אייך. איר קענט אונדז אַלעמען אַרעסטירן. מיר טראָגן נישט קיין געווער, מיר'ן זיך נישט שטעלן אַנטקעגן!"

דער אָפיציר האָט מיט זיין פינגער געטאָן אַ דריי ארויף איין וואָנצעלע, און אָפּגעענטפערט — „פּאַסמאָטרים!" (מיר'ן זען!).

נאָר באַלד האָט מען דערהערט דאָס שאַלן פון דעם „טרומפּייט". דאָס

איז געווען דער סיגנאַל צו די קריגער, זיי זאָלן זיין גרייט צו דער אַטאַקע . . .

און די פערד זיינען געוואָרן אומרואיק, מיט זייערע שאַרפע פּאַדקאָוועס האָבן זיי געריסן שטיקער ווייכע ערד, געהאָצקעט די רייטערס אויף זיי, און געשליידערט שטיקער ווייסע שוים פון זייערע מיילער אויף די קעפּ פון דער מאַסע.

נאָר אָט האָט זיך ווידער דערהערט דער באַפעל — „ביט שאַשקאַמי!" (שלאָגט מיט די שווערדן!) — האָט דער אָפיציר אויסגעשריגן! . . .

די הונדערטער שווערדן האָבן זיך „צעוויגט" איבער קעפּ, איבער הענט און איבער די פּלייצעס; „זיי" האָבן געשניטן אויערן, אַקסלען און מיידלשע ברוסטן.

פון אַ פרידלעכער מאַסן־פאַרזאַמלונג איז גיך געוואָרן אַ צערויערטער מענטשן־באַרג, מען איז געקראָכן אויף דער ערד, ווי די מוראַשקעס אין אַ מוראַשניק . . . יונגע קערפּערס האָבן זיך געפלאָכטן איינע אין די צווייטע . . . קעפּ האָבן זיך פאַרגראָבן אין דער ווייכער ערד, צו פאַרהיטן אַז די שווערד זאָלן זיי נישט צעשפּאַלטן . . .

און די פערד האָבן געסאָפּעט, געהירזשעט, געבראָזשעט מיט די לאַנגע פיס צווישן דער אַנגעוואָרפענער מאַסע, וועמעס קולות עס האָט אויך זיי דערשראָקן . . .

ענדלעך האָט מען ווידער געהערט דעם טרומפּייט־געשאַל . . . און דער אָפיציר האָט אָפּגעשטעלט די שלאַכט . . . די דראַגונער, אויף זייערע פערד, האָבן זיך אַלע צוריקגעצויגן און האָבן זיך אויסגעשטעלט אין „סטרוי". איבערן וואַלד זיינען געלעגן מיידלעך און בחורים, און זיי האָבן זיך נישט געקענט אויפהייבן. די מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זייער הילף. נאָר מיטאַמאָל זיינען אָנגעקומען דראָשקעס מיט פּאָליציאַנטן, מיטן פּאָליצמייסטער אין דער שפּיץ.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן שאָסיי, לעבן וואַלד. דער פּאָליצמייסטער, וועמען די שעדלעצער אַרבעטער האָבן געגעבן דעם נאָמען „יאָסל", איז אַריין אין וואַלד, און ער האָט געגעבן באַפעלן: געהייסן דער מאַסע זיך צוריקציען פון וואַלד און אויסשטעלן זיך אויפן שאָסיי. די פאַרוואונדעטע האָט ער גע־הייסן, מ׳זאָל זיי אַרויסטראָגן פון וואַלד, און פאַר זיי האָט ער באַשטעלט פון דאָרף וועגענער צו פאָרן אין שטאָט אַריין.

ווען ער (דער פּאָליציימייסטער) האָט אַלץ שוין צוגעגרייט, האָט ער גע־געבן דעם באַפעל מ׳זאָל צוריקגיין אין שטאָט אונטער זיין אָנפירונג; די דראַגונער זיינען געגאַנגען לענג־אויס, פון ביידע זייטן, און די מאַסע אינמיטן. דער „צוג" האָט זיך גערירט פון אָרט.

מען איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, און מיטאַמאָל האָט אַרויסגעפּלאַצט אַ געזאַנג פון הונדערטער מיילער אַרויס . . .

— ׳שטייט אויף איר אונטערדריקטע מאַסן! מאַכט פון שקלאַפעריי אַן ענדו!״ . . .

דער אָפיציר אויפן פערד האָט זיך צעשריגן. ער האָט געסטראַשעט, נאָר דאָס געזאַנג האָט זיך נישט איינגעשטילט . . . מען איז אַזוי דערגאַנגען ביז די טויערן פון דער גרויסער שעדלעצער טורמע.

איבערן שטאָט האָט זיך אויף גיך פאַרשפרייט די נייעס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין וואַלד. טאַטעס, מאַמעס, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט צו־ריקגעקערט פון שבתדיקן דאַוונען, האָבן אויף גיך זיך געלאָזט גיין צו דער טורמע, צו באַגעגענען זייערע שלעכטע קינדער . . .

נאָר די „קינדער״ זיינען שוין אַלע געווען אין אַ באַזונדערן הויף, אונטער אַ פאַרשלאָסענעם טויער. דאָרטן האָט שוין געוואַרט אַ „פעלדשער״ צו פאַר־באַנדאַזשירן אַלע געראַניעטע.

אין דרויסן, פאַר דער טורמע, האָבן זיך אויפגעזאַמלט הונדערטער מענטשן. מ׳האָט אַריבערגעוואָרפן צעטעלעך צו די אַרעסטירטע, און זיי געלאָזט וויסן ווי אויפגעבראַכט עס איז די שטאָט . . . און אַז „לאַנג וועט מען אונדז דאָרטן נישט פאַרהאַלטן״.

דערווייל האָבן מיר זיך אַלע אויסגעשטעלט און געזונגען — „ברידער, מיר טראָגן אַ דרייפאַכע קייט: אַלס יידן, אַלס שקלאַפן און אַלס דענקער . . .״

דער פאַרשלאָסענער טויער האָט זיך פלוצים געעפנט, און ס׳זיינען אַריינ־געקומען דער וויצע־גובערנאַטאָר מיט צוויי יידישע „דאָזאָרעס״. דער נאַ־טשאַלניק פון דער טורמע האָט זיך געבעטן מ׳זאָל אויפהערן זינגען, אָבער קיינער האָט אים נישט געפאָלגט. די „געסט״ האָבן רואיק געוואַרט, ביז מען האָט פאַרענדיקט דאָס ליד.

דער גובערנאַטאָר האָט געהייסן מ׳זאָל צושיקן צו אים איינעם, וואָס זאָל פאַר אים דערציילן וואָס אין וואַלד איז פאָרגעקומען.

ס׳האָט זיך קיינער נישט אָפגערופן. ער האָט זיך צעשמייכלט, און האָט שטילערהייט זיך איבערגערעדט מיט די „דאָזאָרעס״, און דערנאָך זיינען זיי אַלע אַרויסגעגאַנגען.

אין אַ פאָר שעה שפּעטער האָט מען אונדז אַלעמען באַפרייט.

די געראַניעטע, פופציק אין צאָל, האָט מען אָפּגעפירט אין דעם יידישן שפיטאָל אַריין.

דער שפיטאָל איז באַלד געוואָרן אויפגעלעבט פון די מאַסן יונגוואַרג. פון דער שטאָט איז מען געקומען מבקר־חולה זיין די קראַנקע. סטודענטקעס זיינען געוואָרן די „נוירסעס״ (קראַנקן־שוועסטער) אַרום די וואָס זיינען געלעגן אין די בעטן.

די יידן אין גאַנץ שעדלעץ האָבן יידישלעך זיך אָפּגערופן מיט זייער הילף.

# אַ נאַכט מיט צוויי אַנאַרכיסטן אין דער שטאָט ביאַליסטאָק

דאָס איז געווען אין יאָר 1908.. .

עס איז דאַן געווען נאָך־פּסח צייט, ווען כ׳בין מיט דער באַן אָנגעקומען אין שטאָט. צו פאַרפאָרן אין אַ האָטעל האָט אַ יונגערמאַן ווי איך ניט געטאָרט חלומען אפילו — מיט די צוגעטיילטע פאַר גראָשן אין קעשענע! . . . און קיין אַדרעס צו וועמען איך זאָל צופאָרן האָב איך אויך ניט געהאַט. האָב איך זיך פאַרלאָזן אויפן צופאַל: ווען איך וועל אָנקומען אויף איינער פון יענע באַרימטע גאַסן, וועל איך שוין אָפּזוכן איינעם פון די „באַקאַנטע״. (אַזוי האָט מען גערופן צווישן זיך די חברים פון דער זעלבער פּאַרטיי.)

די „קאַנקע״, וואָס איז דעמאָלט געלאָפן איבער דער שטאָט, געשלעפּט פון צוויי דאַרע סוסים, האָט מיך צוגעפירט צום סאַמע צענטער פון שטאָט, ניט ווייט פון דער באַרימטער סוראַזער גאַס, וועלכע איז געווען פאַררעכנט אַלס דער מיטלפונקט פאַר אלע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער. די גאַס איז תמיד געשטאַנען אָן אָפּענע, אַ פריילעכע, פול מיט יונגע מענטשן, וואָס האָבן כסדר מאַרשירט הין און צוריק, טאָג און נאַכט מיט „אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע״ אויף די ליפּן.

עס האָט מיר ניט גענומען לאַנג אָפּצוזוכן דעם צו וועמען כ׳האָב זיך פאַרטרויט מיט מיינע רעקאָמענדאַציעס פון מיין שטעטל אַלס אַן אָרגאַניזאַציאָנס־מענטש. דער דאָזיקער מענטש, דער „בונדאָוועץ״, האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר נאָך אַנדערע חברים.

מיין ערשטער איינדרוק איז געווען אַ געוואַלדיקער. אַזאַ אומדערשראָקנקייט פון די ביאַליסטאָקער אַרבעטער פאַר דער פּאָליציי! איבער דער לענג און ברייט פון דער גאַס האָבן די ארבעטער געלאָזט הערן דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט הויך און שאַרף, כאָטש די פּאָליציי איז דאָרט אויך אַרומגעגאַנגען מיט אויפגעשטעלטע אויערן . . .

פאַרשידן איז געווען די אַגיטאַציע פון יעדער גרופּע פון די פּילצאָליקע הייפלעך און געזעמלעך פון מענטשן, וועלכע איך בין פאַרבייגעגאַנגען, לויט דער פּאַרטייאישער צוגעהעריקייט.

דער גאַנצער אָוונט איז פאַר מיר געווען אַ גייסטיקער גענוס, אַ קוואַל פון באַגייסטערונג דורך דער נייער אומגעבונג, וואו כ׳בין אַריינגעפאַלן.

ענדלעך בין איך געוואָרן מיד פון אַרומגייען, און כ׳האָב זיך דערפרעגט צום חבר, וואָס האָט געזאָלט געפינען פאַר מיר אַ פּלאַץ איבערצושלאָפן די נאַכט.

לייזער איז געווען זיין נאָמען. ער איז געווען אַ „ספעץ" צו געפינען נאַכטלעגערס פאַר די חברים פון דער פרעמד. אַז לייזער האָט ערגעץ וואו געבראַכט עמיצן, האָט מען שוין פון זיינעטוועגן געמאַכט פלאַץ צום איבער־שלאָפן די נאַכט, אפילו ווען מ'האָט זיך אַליין געדאַרפט פאַרענגען.

לייזער איז געווען אַ יונג אַ גבור! צווישן גאַרבאַרעס איז ער געווען דער העלד פון טאָג. פאַר קיינעם האָט לייזער קיין מורא ניט געהאַט. אין זיין געזעלשאַפט איז מען געווען געשיצט. ווען מ'האָט מיר אים פאָרגעשטעלט, און ער האָט אַ נעם געטאָן מיין האַנט אין זיינער, האָב איך דערפילט ווי אַן אייזערנע קלאַמרע וואָלט מיין האַנט אַ קוועטש געטאָן . . . דערנאָך האָט ער מיך אַרומגענומען און מיט אַ הילפלאָזן טאָן האָט ער געפרעגט ביי מיר: — „חבר, אַ שטייגער צו וועמען פירט מען אייך אַוועק?"

דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז אַלע „קוואַרטירן" זיינען שוין באַזעצט פון אַנדערע חברים.

אָבער דערווייל איז זיין לינקע האַנט ביי אים פאַרקראַכן אין זיין גע־דיכטער קוטשמע האָר, און טראַכטנדיק אַ ווייל̈ע האָט ער מיט טריאומף אַ געשריי געטאָן:

— חבר, קומט מיט מיר!

מיר האָבן נאָך אַמאָל דורכגעשניטן די גאַנצע לענג פון סוראזשער גאַס, וואו די אַרבעטער האָבן נאָך אַלץ גערעדט וועגן „דעם קאַמף מיט אונדזערע באַדריקער", וואו ס'האָט געקאָכט און געזשומעט, ווי אין אַ בינשטאָק, מיט צענדליקער יונגע מענטשן, גרייטע צום קאַמף און צום טויט אפילו, פאַר זייערע אידעאַלן . . .

מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען די פּיאַסקעס, דעם אָרעמסטן קוואַרטאַל פון שטאָט, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ שמאָל געסל (איך געדענק ניט דעם נאָמען), וואו ס'האָט זיך שוין אַרויסגעצויגן דער וואַלד.

אינם געסל איז געווען שטיל. אין די איינגעהויקערטע הייזקעלעך איז געווען פינצטער. לייזער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ הייזקע מיט אַ דאַך־שטיבל. ער איז דער ערשטער אַרויפגעקראָכן אויף די טרעפּ, וועלכע האָבן הילכיק געקרעכצט נאָך יעדן טראָט, וואָס מיר ביידע האָבן געמאַכט.

אין שטיבעלע איז געווען פינצטער און קיינער איז דאָרט ניט געווען. ער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע און איך האָב דערזען אַ קיך מיט אַ „שלאָפ־צימער", די גרויס פון אַ „ח" אין אַ קליין סידורל.

לייזער האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס שטיבעלע ווערט באַוואוינט פון צוויי „אַנאַרכיסטן", וואָס זיינען מיט אים גוטע פריינט.

— איר זעט אָט־דאָס סאָפקעלע וואָס שטייט אין קיך? — האָט ער מיט צופרידנקייט אין זיין קול מיך געוואָלט אויפמונטערן. — אויף דער סאָפקעלע זיינען אַ סך פון אונדזערע חברים שוין ניט איין נאַכט איבערגעשלאָפן!

ווען לייזער איז אַוועק און איך בין געבליבן אַליין אין דער פינצטער, האָב איך דערפילט אַן אומדערקלערלעכן אומעט. די טויטע שטילקייט האָט פאַרגאָסן מיינע אויערן. אַ נערוועזער צושטאַנד האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב באַלד אויפגעמאַכט דאָס קליינע פענצטערל וואָס האָט איין־אויגיק דורך דעם דאַך אַרויסגעקוקט. אַ שטראָם פרישע לופט האָט מיין פנים געוואַשן. אַ ליכטיקע לבנה האָט צו מיר פון הימל אַרונטערגעקוקט, און נאָכדעם, ביים ביסל שיין, וואָס זי האָט צו מיר אַריינגעלייכט, האָב איך צוגעגרייט מיין געלעגער.

אָבער נאָך איידער איז בין איינגעשלאָפן האָב איך דערהערט ראַשיקע טריט און באַלד האָט זיך די טיר געעפנט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען די צוויי אַנאַרכיסטן, די באַוואוינער פון דעם שטיבעלע.

נישט האָבנדיק קיין פאַרדאַכט, אַז נאָך עמיצער איז דאָ פאַראַן, האָבן זיי, אַריינקומענדיק, גלייך אויסגעליידיקט זייערע קעשענעס — צוויי גרויסע רע־וואָלווערן מיט עפּעס אַ שוואַרצער „זאַך", וואָס זיי האָבן פאָרזיכטיק אויפן קאַמין אַוועקגעלייגט, און איינער האָט אַ פרעג געטאָן ביים צווייטן — „ביזטו זיכער, אַז כ'האָב אים געטראָפן?"

— אוודאי זיכער!

— דענקסטו, אַז זיי וועלן קומען אויף אונדזער סליאַד?

— אויב יאָ, וועלן מיר געבן אַן „אָטפּאָר"! (ווידערשטאנד).

— אוודאי געבן, לייכט וועלן מיר זיך ניט אונטערגעבן!

איך בין געלעגן אויף דער סאָפקעלע מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און זיך צוגעהערט. ווען איך בין שוין געווען גרייט זיי צו לאָזן וויסן פון מיין אָנוועזנהייט, האָבן זיי אַליין שוין „דערשמעקט", אַז נאָך עמיצער איז דאָ פאַראַן; און גלייך האָבן זיי זיך געכאַפּט צו די רעוואָלווערן.

מיט אַ שנעלן אָטעם האָב איך זיי געלאָזן וויסן, ווער ס'האָט מיך אַהער אַרויפגעבראַכט. דאָס איז געווען גענוג,אַז זיי זאָלן זיך באַרואיקן. אין ליכט פון אָנגעריבענע שוועבעלעך האָבן זיי מיך גוט באַטראַכט.

— מיר האָבן נאָר וואָס געשאָסן אַ פּאָליציי־טשינאָווניק! האָבן ביידע פאַר אַ מאָל מיר דערציילט מיט אַנטשלאָסנקייט אין טאָן.

אַ הייסער בלוט־שטראָם האָט אַ יאָג געטאָן איבער מיין קערפּער, דער ערשטער געדאַנק, וואָס מיר איז געקומען אין קאָפּ, האָט מיך געהייסן אַוועק־לויפן פון דאַנען . . .

אַלס בונדיסט, בין איך דאַן געווען פרינציפּיעל קעגן „אידיווידועלן

טעראָר״. און דאָ זאָל איך גאָר טראָגן, צוזאַמען מיט זיי, די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר אַ טאַט, וואָס די אנארכיסטן זיינען באגאנגען, — דאָס האָב איך ניט געוואָלט. און איך האָב זיי געלאָזט וויסן פון מיין געדאַנק, אַזוי צו זאָגן:

— „איר, אַנאַרכיסטן, וועט מיר אייערע מיטלען די רעוואָלוציע ניט ברענגען! איר וועט היינט אָפּראַמען איין פּאָליציי־טשינאָווניק, און מאָרגן וועט זיין אַן אַנדערער! אייער אינדיווידועלער טעראָר ברענגט בלויז כאַאָס און שאַרפע רעפּרעסיעס קעגן אָרגאַניזירטע אַרבעטער!״

דאָס אַלץ האָב איך זיי אַ זאָג געטאָן מיט אַ געצוואונגענעם קוראַזש.

זיי זיינען מיר ניט שולדיק געבליבן קיין ענטפער:

— „מיר אַנאַרכיסטן גלויבן ניט, אַז מיט אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע וועט מען אומברענגען די זעלבסטהערשאַפט״, האָבן זיי מיט אַ פעסטן טאָן פון איבערצייגונג אָפּגעשלאָגן מיין „אַרגומענט״, און גלייך זיך פאַרנומען גיין שלאָפן.

נאָר פלוצלונג האָבן מיר דערהערט אַ גערויש פון רעדער איבער דער ברוקירטער גאַס. דאָס גערויש איז צוגעקומען אַלץ נענטער און שאַרפער. די צוויי אַנאַרכיסטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום געווער . . . זיי האָבן זיך צוגע־שטעלט צום אָפענעם פענצטערל, און געזאָגט: „אויב דאָס קומען אַהער די ,פריצים׳ (פּאָליציי), וועלן מיר דורכן פענצטערל אַ שליידער טאָן אויף זיי די באָמבע, וואָס מיר האָבן מיט זיך געבראַכט״.

דאָס גערויש הערט זיך אַלץ הילכיקער, און דער ווידערקויל אין דער שטילער נאַכט צעטראָגט דעם ראַש, וואָס לויפט פאַראויס און זאָגט אָן וועגן דער קומענדיקער געפאַר.

— „וואוהין ווילט איר איצט גיין, חבר?״ פרעגן זיי ביי מיר, זעענדיק אַז כ׳קלייב זיך צו פאַרלאָזן דאָס שטיבל. איך האָב זיי געזאָגט, וואוהין כ׳האָב בדעה צו גיין.

— ניין! . . . איצט קאָנט איר פונדאַנען ניט אַרונטערגיין. עס וועט אונדז פאַרראַטן! איר מוזט שוין דאָ זיין!״

און איך בין פאַרבליבן.

העכער און העכער הערט זיך דאָס קלאַפּן פון רעדער און אייזערנע פּאָד־קאָוועס אויפן שטיינערנעם בריק. דורכן פענצטערל זעט מען שוין אַ דראָזשקע צופאָרן אַלץ נענטער . . . זי פאָרט אָבער פאַרביי . . . זי בלייבט שטיין אַזש ביים עק גאַס. מיר זאַלבעדריט קאָנען נאָך זען (אין לבנה־ליכט) שאַרף די

צוויי געשטאַלטן, וואָס שטייגן אויס — אַליידיקע קערט זיך אום די דראָזשקע אויף צוריק . . .

דער טומל דערווייטערט זיך, שטאַרבט אָפּ, און די נאַכט שטילט זיך איין. די צוויי אַנאַרכיסטן לייגן זיך שלאָפן באַרואיקטע, נאָר איך בלייב, איינער אַליין, זיצן אויף מיין געלעגער . . .

די נאַכט איז לאַנג . . . און מיר נעמט ניט קיין שלאָף. אין מיינע רעיונות לעב איך נאָך אַמאָל איבער דעם גאַנצן אָוונט מיט אַלע פּאַסירונגען ביז דער סאַמע לעצטער מינוט. און איך טראַכט פון די צוויי יונגע בחורים (אין מיין עלטער) וואָס זיינען גרייט צו באַצאָלן מיט זייערע יונגע לעבנס פאַר דער אידייע אין וועלכער זיי גלויבן. ווי רואיק און זיכער (אַז זיי האָבן געטאָן אַ גוטע זאַך מיטן דערשיסן דעם פּריסטאַוו אָדער „אָקאָלאָדאָטשניק״) זיי זיינען געשטאַנען מיט דער באָמבע אין האַנט! ווער קען זיי דען זאָגן, אַז זייער וועג צו דערגרייכן די פרייהייט איז נישט קיין ריכטיקער?! . . .

מיט אַזעלכע רעיונות בין איך שטיל אַרונטער פון דער סאָפּקעלע און געשטעלט זיך לעבן דעם אָפענעם פענצטערל, אריינגעאָטעמט אין זיך די ביינאַכטיקע פרישע לופט. מיט מיינע אויגן, אָנגעשטעלט צו דער קיילעכדיקער לבנה, וואָס האָט געקוקט גלייך צו מיר אין פנים אַריין, בין איך געשטאַנען און „געציילט״ די פינקלדיקע שטערן, וועלכע האָבן דאַן באַלויכטן מיין חלום — וועגן אַ בעסערער און אַ שענערער וועלט . . .



# אויף מײַן רײזע קײן אַמעריקע

אינעם יאָר 1913 האָב איך פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל סעמיאַטיטש. אין יענער צײַט בין איך געװעזן אַ יונגערמאַן, אַ טאַטע פֿון אַ צװײ־יאָריק מײדעלע, און מיר האָבן דערװאַרט נאָך אַ קינד. אָבער מײַן (פֿאַרשטאָרבענע) פֿרױ שײנע, האָט דװקא געװאָלט אַז איך זאָל פֿריער פֿאָרן אַלײן, כאָטש איר גאַנצע משפּחה איז שױן געװען אין אַמעריקע. זי האָט געװאָלט אַפֿריער „אױסטראָגן דאָס קינד", און נאָכדעם קומען צו איר מאַן אין אַ באַזונדערער הײם, אָבער ניט צו איר משפּחה. און אַזױ איז עס געבליבן.

אין יענער צײַט, װען אײנער האָט זיך געגרײט „פֿאָרן קײן אַמעריקע", האָט מען געמוזט פֿריער פֿאַרגרײטן זיך מיט אַן „אױסלענדישן פּאַס" (גובער־נאַטאָרסקען פּאַס), אָדער פֿאָרן מיט אַן אַגענט . . . (מײַן בירגערלעכן פּאַספּאָרט האָב איך געהאַט.)

צו מײַן גליק האָב איך בײדע זאַכען ניט געדאַרפֿט זיך פֿאַרגרײטן: װײַל, מײַן פֿרױס אַ פֿעטער, מיטן נאָמען יעקב װײַנשטײן, איז געװען אַ װאַלד־סוחר, און ער האָט מיר צוגעזאָגט „איבערצושװאַרצן דעם גרעניץ" אױף זײַנע „פּליטן", װעלכע ער האָט דורכן װאַסער איבערגעשיקט קײן דײַטשלאַנד. ער האָט פֿאַר מיר געטאָן אַ קלײניקײט: ער האָט מיך „אָנגעשטעלט פֿאַר זײַנעם אַ מענטש" װאָס שװימט מיטן געהילץ אױפֿן װאַסער.

דעם 17טן מאַי האָט דער פֿעטער מיר געגעבן צו װיסן, אַז איך קען אַרױספֿאָרן פֿון דער הײם, װײַל די „פּליטן" שװימען איצט אױפֿן װאַסער אַן אַן אָפּשטעל, און איך מוז זײַן גרײט זיך אַרױפֿצושטעלן אױף זײ, אױף אַ באַשטימטן אָרט.

דעם זעלבן טאָג בין איך אַװעק פֿון דער הײם. דעם 18טן מאַי בין איך שױן געװען אין װאַרשע.

איך האָב נאָך געהאַט פֿינף שעה צײַט אַרומצוגײן באַקוקן אַ לעצטן מאָל די ײדישע גאַסן, אױף װעלכע איך בין אַ סך מאָל אױף זײ געגאַנגען; און ס'איז דאַן ניט געקומען מיר אױפֿן געדאַנק, אַז אָט־די ײדישע גאַסן, דאָס גאַנצע ײדישע לעבן, װעט אין דרײַסיק יאָר אַרום — חרוב ומוחרב װערן . . .

ערשט אין אָװנט בין איך געפֿאָרן צום „װינער װאָקזאַל", געקױפֿט אַ בילעט, און זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ באַן, פֿאַרנדיק אין איר ביז „ניעשאװע".

אַז איך בין אַרונטער פֿון דער באַן, האָט מיך דאָרטן באַגעגנט דעם פֿעטערס אַ „מענטש", אַ ײד מיט אַ בלאָנדער באָרד. זײַן נאָמען איז געװען געװירץ.

ער איז מיט מיר געגאַנגען אַ לאַנגן װעג, ביז מיר זײַנען אָנגעקומען

צו אַ „פּונקט״, וואו די פּליטן וועלן נאָענט פֿאַרביישווימען, און ס׳וועט איינער אין אַ קליין שיפֿעלע צושיפֿן זיך צום ברעג און אונדז אַרויפֿנעמען.

אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ „פּליטניק״. און די גויים, אויף דעם געהילץ, האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער מיין ניט־באַהאַוונטקייט ווי אַזוי צו גיין אויף די שווימענדיקע, קיילעכדיקע קלעצער, איך זאָל זיך ניט אָפּטונקען אין וואַסער.

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער (אַזוי דוכט מיר) האָט די האַנט פֿון רוסישן צאַר ניט געקענט צו מיר דערגרייכן: איך בין שוין געווען אַריבער דעם גרעניץ.

און דאָרטן זיינען מיר ביידע (דעם פּעטערס „מענטשן״) אַריבער פֿון די פּליטן, אין אַ קליינעם דאַמפּער אַריין. מיר זיינען אין אים געפֿאָרן ביז דער דייטשער שטאָט „טאָהרן״. (די דייטשע ערד האָט דאַן נאָך ניט געברענט אונטער יידישע פֿיס.)

פֿאַרלאָזנדיק דעם דאַמפּער, האָבן מיר גענומען גיין צופֿוס אַ היפּשע שטרעקע, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ יידישער אכסנה אַריין. דאָרטן האָט דער „מענטש״ צו מיר געזאָגט, אַז איך זאָל וואַרטן, ביז עס וועט אָנ־קומען אַהער מיין פּעטערס אַ שותּף. און ער איז אַליין אַוועקגעגאַנגען באַ־זאָרגן זיינע געשעפֿטן.

מיין פּעטערס שותּף איז אין דער דאָזיקער אכסניה געווען ניט קיין פּנים חדשות: ווייל ווען ער איז אַריינגעקומען האָבן זיך אַ סך יידן מיט אים באַגריסט, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן. זיין נאָמען איז געווען „ר׳ מאיר וויגדער״.

איך האָב אים גוט געקענט נאָך פֿון סעמיאַטיטש. איך פֿלעג צו אים אין זיין רייכער שטוב אָפֿט אַריינקומען, צו זיינע צוויי טעכטער, גימנאַזיסטקעס, איבערצוגעבן צו זיי די „פֿאַרבאָטענע ליטעראַטור״ . . . ווען זייער טאַטע, מאיר וויגדער, האָט מיר „געוויזן די טיר״, פֿלעג איך זיך באַגעגענען מיט זיינע טעכטער אין דרויסן.

און אַז ער האָט מיך דערזען אין דער אכסניה, איז ער געוואָרן איבערראַשט: דאָך האָט ער צו מיר גערעדט. איך האָב אים איבערגעגעבן מיין פּעטערס בריוו, און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט טאָן פֿאַר מיר וואָס ער וועט קענען.

צוערשט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, מיט נאָך יידן, לעבן אַ געדעקטן טיש. מ׳האָט באַלד צוגעטראָגן עסנוואַרג פֿון כל־טוב . . . גערעדט האָבן זיי צווישן זיך האַלב דייטש און האַלב יידיש. איך בין אויך געווען שטאַרק הונ־געריק, נאָר כ׳האָב ניט געוואוסט צי איך קען מיר פֿאַרגינען אַוועקצוזעצן זיך ביי אַזאַ רייכן טיש . . . אָבער איידער איך האָב ביי זיך רעכט געמאַכט וואו איך זאָל זיך זעצן, האָט איינער פֿון מאיר וויגדערס מיטעסערס, אַ יונגער־מאַן מיט אַ שוואַרץ אויסגעשוירן בערדל, מיך צוגערופֿן, איך זאָל זיך לעבן אים זעצן עסן.

נאָכן עסן האָב איך זיך צו מאיר וויגדערן פּאַרטרויט און געזאָגט אַז איך פֿאַרלאַנג פֿון אים אַ טובה. אויסהערנדיק וואָס איך פאַרלאַנג פֿון אים, האָט ער מיט איין האַנט אַ ביסל אַ קראַץ געטאָן זיין גאָלע פּאַטילניצע . . . און נאָכדעם האָט ער געזאָגט אַז ער וועט דאָס טאָן פֿאַר מיר.

ער איז מיט מיר צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן טישל, ביי וועלכן ס'זיינען געזעסן עטלעכע „דייטשע הערן", און צו איינעם פֿון זיי האָט ער אַריינגערעדט אין אויער. יענער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און געשמייכלט. זיי האָבן ביידע נאָך איבערגערעדט עפּעס, און נאָכדעם האָט דער „דייטש" מיך צוגערופֿן.

מאיר וויגדער האָט אים געזאָגט מיין נאָמען, און אויך אַז יעקב וויינשטיין איז מיין פֿעטער. דאָס האָט געהאָלפֿן. ער האָט געהייסן עמיצן, ער זאָל פֿאַר אים צוברענגען טינט און פֿעדער, און ער האָט אַרויסגענומען פֿון אַ לעדער־נעם טאַש אַ שמאָל בייגעלע פּאַפּיר. איך האָב געזען ווי ער האָט צווישן די אָפּגעדרוקטע שורות אַריינגעשריבן די דאָזיקע ווערטער אויף דייטש: — „דער הער משה וויסמאַן איז אַ שליח פֿון דער רודאָלף אַש'ס רייכסבאַנק אין טאָהרן" . . . און ער האָט אונטערגעשריבן זיין נאָמען. (איך פֿאַרמאָג דאָס נאָך היינט אויך.) ער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס „פּאַפּירל", און צוגעוואונטשן מיר אַ גליקלעכע רייזע.

מיט דעם „שיר־המעלות" אין מיין בוזעם קעשענע, בין איך דעם זעלביקן אויפֿדערנאַכט אַוועקגעגאַנגען צום וואָקזאַל, צו פֿאָהרן קיין בערלין.

ס'איז אָנגעקומען די באַן, און איך בין מיט מיין בילעט אַריין אין אַ וואַגאָן. איך בין פֿאַרבייגעגאַנגען איינע פֿון די באַזונדערע „קופּעס", און איך האָב געזען זיצנדיק צוויי ציווילע דייטשן און איין אָפֿיציר. ס'איז דאָרט געווען פּלאַץ פֿאַר נאָך איינעם, האָב איך זיך אַריינגעשטעלט, און פֿאַרנומען דעם פֿערטן פּלאַץ נעבן אַ פֿענצטער.

צוליב מיינע לאַנגע וואָנסן און מיין שוואַרצן „סורדוט" האָבן זיי מיך אָנ־גענומען פֿאַר אַ „פּאָלנעם דייטש", וואָס רעדט ניט אויס צו זיי קיין וואָרט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט און טאַקע באַלד צוגעמאַכט מיינע „מידע אויגן" . . . איך בין „געשלאָפֿן" די צייט וואָס די באַן איז געשטאַנען לעם וואָקזאַל: ווייל איך האָב גוט געהערט די סומאַטאָכע וואָס ס'איז אָנגעגאַנגען אין באַן: מ'האָט געצוואונגען אַ סך פֿון די עמיגראַנטן צו פֿאַרלאָזן די באַן, ווייל מ'האָט גע־דאַרפֿט (אדורכפֿאָרנדיק דייטשלאַנד) אַפֿריער גיין אין אַ באָד . . . איך האָב געהערט די געשרייען, די געוויינען, ווי זיי האָבן זיך געבעטן מ'זאָל זיי לאָזן וויטער פֿאָרן. און איך האָב געפֿילט אַ דאַנק דעם דייטש־יידישן באַנקיר, וואָס האָט מיר געגעבן דעם „שיר־המעלות". מיט אָט־דעם בין איך געווען זיכער אַז מ'וועט מיך לאָזן פֿאָרן. נאָר צו מיין גליק, איז קיינער צו „מיין קופּע" ניט צוגעקומען. איך בין דאָך געזעסן צווישן עכטע דייטשן! . . . בין איך געווען קלוגער פֿון זיי, און מ'האָט מיך נישט געפֿירט אין באָד אריין . . .

אוודאי בין איך געווען שטאַרק צופרידן ווען די באַן האָט זיך אָפּגערוקט פון וואָקזאַל. אויפן וועג קיין בערלין.

איך בין די גאַנצע נאַכט געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווייל כ׳האָב ניט געוואָלט די דייטשן זאָלן צו מיר רעדען . . .

אינדערפרי איז די באַן אָנגעקומען קיין בערלין.

איך געדענק ווען איך בין געזעסן לעבן פענצטער און ארויסגעקוקט, ווען די באַן האָט זיך דורכגעשניטן דורך אַ טייל גאַסן, און איך האָב געקענט זען דעם גאַנג פון די בערלינער, הין און צוריק. איך האָב געזען אַ סך געביידעס, און פאַרנדיקע טראַמווייען, און אנדערע פאַרקער־מיטלען. די באַן איז געפאָרן פאמעלעך, ביז זי איז אַריינגעפאָרן אין אַ גרויסן פּלאַץ, וואו זי איז געבליבן שטיין לעבן אַ וואָקזאַל.

דער וואָקזאַל איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס, און מענטשן זיינען אין אים געווען אַ סך. איך האָב גיך אויסגעפונען ווען „מיין באַן" וועט אָפּגיין קיין אַנטווערפּן. ס׳זיינען געווען צוויי באַנען: די ערשטע האָט געדאַרפט אָפּגיין אין אַ שעה אַרום, און די צווייטע אין פיר שעה אַרום. איך האָב פאַרגעצויגן די ערשטע. בערלין, די באַרימטע דייטשע שטאָט, האָט מיך ניט „באצויבערט" אַז איך זאָל אין איר פאַרבלייבן עטלעכע שעה, צו באקוקן די שטאָט. ניין, איך בין דאַן אויך ניט געווען „פאַרליבט" אין די דייטשן . . . און איך האָב זיך צוגעאיילט זיי צו פאַרלאָזן.

איך האָב איינגעקויפט עפּעס צום עסן, און איך בין אריין אין אַ וואַגאָן, וואו איך האָב שוין דאָרטן געזען אַ סך יידן פאָרנדיק קיין אנטווערפּן.

ס׳איז שוין געווען פאַרנאַכט, די זון האָט זיך „געזעצט" אין מערב־זייט, ווען איך בין אַרויסגעקומען פון וואָקזאַל. איך האָב זיך דערפרעגט צו דעם אַדרעס, וועלכן איך האָב מיט זיך געהאַט, און גייענדיק האָב איך באַוואונדערט די שטאָט און די טראַנספּאָרטאַציע־מיטלען. די ריזיקע פערד, איינגעשפּאַנט אין אַזעלכע נידריקע וועגענער, און קליינע וועגעלעך געשלעפּט פון גרויסע הינט.

איך בין ענדלעך אָנגעקומען צו דעם האָטעל, וואו יידישע עמיגראַנטן קומען אָן פאָרנדיק קיין אַמעריקע.

אין דעם האָטעל איז געווען שרעקלעך טומלדיק ווען איך בין אַריינגעקומען. דאָס זיינען אַלץ געווען יידישע עמיגראַנטן; אַלט און יונג, מענער און פרויען.

איך האָב זיך דערפרעגט צום באַלעבאָס פונם האָטעל. ער איז געווען אַ מיטל־געוויקסיקער ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד און זייער פריינטלעכע אויגן. איך האָב אים איבערגעגעבן דעם בריוו וואָס זיין פאָטער אין סע־מיאטיטש האָט מיר מיטגעגעבן פאַר אים. ווען ער האָט געלייענט דעם בריוו, איז אויפגעקומען אויף זיין באָרדיקן פּנים אַ טיפע פרייד. נאָכדעם האָט ער

מיר געגעבן „שלום״, און געהייסן מיר כ׳זאָל מיט אים גיין צום טיש עסן אַ מאָלצייט: — „איר זייט געוויס הונגעריק״, האָט ער געזאָגט.

ביים טיש האָט ער מיך געזעצט לעבן זיך און זיין פרוי. ער האָט איר דערציילט וואָס זיין טאַטע האָט אים וועגן מיר געשריבן, און אַז ער איז זייער צופרידן צו האָבן מיך אַלס זיין גאַסט . .

נאָכן עסן האָט ער מיר דערציילט בקיצור ווי גליקלעך ער איז, וואָס ער האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד; אַז ער און אַלע יידן לעבן זיך דאָ צופרידן.

נאָכדעם האָט זיין פרוי ביי אים געפרעגט: — „מרדכי יאָסל, וואו וועסטו געפונען פלאַץ פאַר זיינעטוועגן? אַלע צימערן זיינען דאָך פאַרנומען! . . . ״

און מרדכי יאָסל האָט זי שמייכלענדיק באַרואיקט: — „נישקשה, מיר וועלן אים לייגן שלאָפן מיט אונדזערע קינדער אין איין צימער.״

איך האָב אים ניט געוואָלט באַלד פרעגן ווילאַנג איך וועל דאַרפן דאָ וואַרטן ביז איך וועל זיך „זעצן אויף דער שיף״ . . . נאָר ער האָט אַליין גע־נומען רעדן צו מיר, און דערציילט די שוועריקייטן וואָס עס האָבן די עמיגראַנטן, ביז זיי קענען אַוועקפאָרן פונדאַנען. ער האָט צו מיר גערעדט מיט אַ ווייטאָג־לעכער שטים . . . ער האָט מיר דערציילט אַז אין זיין האָטעל וואַרטן שוין מענטשן צוויי וואָכן, און זעלטן איין וואָך, ביז זייער ריי קומט אָן אַוועקצופאָרן. און יעדן טאָג קומען אָן פרישע עמיגראַנטן. (הלוואי וואָלטן דאַן אַרויסגעפאָרן אַ סך מערער.)

נאָכדעם איז ער מיט מיר אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן, און מיט מיר גערעדט וועגן מיינע פּלענער. איך האָב אים דערציילט אַז ווען איך בין אַרויס־געפאָרן פון דער היים, האָב איך געמיינט אַז איך וועל אין אַ וואָך שפּעטער שוין זיין אין אַמעריקע . . . ער האָט מיר ברידערלעך אָנגעקוקט און געהויבן זיינע אַקסלען, ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל מיר זאָגן.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם גרויסן הויף, און מיר געהייסן איך זאָל זיך צוקוקן צו די עמיגראַנטן, רעדן מיט זיי, וועט מיר ווערן גרינגער אָפּצומאַכן ביי זיך אַז „עס טוט זיך ניט ווי מען דענקט אין דערהיים״ . . .

ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, זיינען אַלע (אַריבער הונדערט) אַריין אין האָטעל, און ס׳איז געוואָרן לעבעדיק: די קינדער האָבן געוואַלדעוועט, די מוטערס האָבן געשריען, און די מענער זיינען אומגעגאַנגען ברוגז׳ע . . .

שפּעט אין אָוונט, האָט מרדכי יאָסל מיך געפירט צו מיין געלעגער; ער האָט אויפגעשטעלט אַ שמאָל בעטל, און איך בין אויף דעם יענע נאַכט איבער־געשלאָפן.

דאָס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק ביינאַכט. און אויפגעשטאַנען בין איך פרייטיק אינדערפרי. שבת אינדערפרי האָט מען מיר שוין געזאָגט „גייט אָפּ די שיף קראָנלאַנד קיין אַמעריקע״. און איך האָב נאָך אפילו ניט קיין שיפס־קאַרטע צום פאָרן . . .

מיין פריינט מרדכי יאָסל האָט מיך גערופן צו זיין טישל עסן. איך בין זיין גאַסט, האָט ער מיר נאָכאַמאָל פאַרזיכערט; ער האָט מיר ניט קלאַסיפיצירט אַלס עמיגראַנט . . .

אַרום נאָך האַלבן טאָג, ווען מרדכי יאָסל האָט זיך באַפרייט פון זיינע פליכטן, האָט ער מיך איינגעלאַדן איך זאָל מיט אים גיין באַקוקן די שטאָט. ער האָט מיר געפירט אין די גרויסע געשעפטן און אין אַנדערע פלעצער, נאָכדעם צו זיין זון, וועלכער האָט באַוואוינט אַ שיינע היים.

צולעצט איז ער מיט מיר אַריין אין דעם „קאָנטאָר" (אָפיס) פון דער שיפסגעזעלשאַפט, קויפן אַ „שיפסקאַרטע" צווייטע קלאַס.

ווען מיר זיינען פון דאָרטן אַרויסגעקומען, האָבן מיר זיך אַוועקגע־שטעלט רעדן. און איך האָב געקראָגן די געלעגנהייט צו רעדן וועגן זיך: איך האָב אויסגעדריקט מיין באַגער אַוועקצופאָרן כאָטש מאָרגן אינדערפרי, מיט דער קראָנלאַנד . . . ער האָט מיך אויסגעהערט און געשוויגן. נאָכדעם, אין אַ ווײַלע שפּעטער, האָט מרדכי יאָסל צו מיר געזאָגט: — „נסים קאָנען גע־שען . . . " און ער איז אַריין אין קאָנטאָר רעדן צו די לייט וואָס האָבן „עפּעס צו זאָגן וועגן דעם".

איך האָב געהערט ווי ער האָט מיט זיי „פאַרהאַנדלט" (די שפּראַך האָב איך ניט פאַרשטאַנען), זיין קול איז געוואָרן אַלץ העכער . . . נאָכדעם איז ער אַרויסגעקומען און געזאָגט: „אפשר . . . זיי דאַרפן מיר געבן אַן ענטפער . . . "

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער, איז ער ווידער צו זיי אַריין און מיט זיי גערעדט. עס האָט נאָך געדויערט אַ שטיקל צייט ביז „יענע" האָבן אים געגעבן דעם ריכטיקן ענטפער: — „יאָ! מ'האָט געמאַכט פּלאַץ אויף דער קראָנלאַנד פאַר נאָך איין פּאַסאַזשיר . . . "

איך בין געוואָרן אַזוי איבערוועלטיקט אויס פרייד, אַז איך האָב אַזש ניט געוואוסט וואָס איך זאָל אים זאָגן . . . און ער איז אויך געווען שטאַרק צופרידן ווען ער האָט צו מיר געזאָגט: „נאָכאַלעמען, בין איך ביי זיי אַן אייגענער מענטש. איך שטעל זיי צו גענוג עמיגראַנטן פאַר זייערע שיפן! . . ."

ווען איך בין צוריק געקומען אין האָטעל אַרייך, בין איך געווען „שיכור" פון פרייד, און איך האָב זיך אויסגערעדט וואָס איך האָב געפילט אויף מיין האַרץ: איך האָב פאַר די עמיגראַנטן דערציילט, אַז נאָך מאָרגן פאָר איך שוין אָפּ פון דאַנען. איך האָב דאָס ניט געטאָרט טאָן . . . איך האָב עס שפּעטער גוט באַדויערט: ווייל איך האָב דערמיט פאַרשאַפט האַרצווייטאָג צו אַ סך פון די עמיגראַנטן, וועלכע זיינען דאָרטן געווען און האָבן געוואַרט אויף זייער אָפּפאָרן . . . אַ סך פרויען האָבן זיך אַזש צעוויינט . . . זיי האָבן געטענהט, ווי ניט ערלעך דאָס איז, אַז אַ מענטש וואָס איז איצט געקומען זאָל שוין גלייך אַוועקפאָרן . . . נאָר שפּעטער האָבן זיי מיך אַלע אריינגענומען אין זייער קרענצל און מ'האָט מיר געוואונטשן אַ גליקלעכע רייזע.

שבת אינדערפרי, דעם 24טן מאי, זיינען אַלע עמיגראַנטן אויפגעשטאַנען פרי, און מען האָט זיך געגרייט גיין צו דער שיף. טייל פון זיי זיינען שוין טאַקע געגאַנגען „זיך זעצן אין שיף״, און די איבעריקע זיינען געגאַנגען באַגלייטן אַלעמען.

פון אַלע זייטן שטאָט האָבן זיך געצויגן מענטשן צו דער שיף. ביי דער שיף איז געוואָרן אַ גרויס גערודער: מענטשן האָבן זיך געפרייט, און אַנדערע האָבן געוויינט . . .

די „קראַנלאַנד״ איז געווען אַ קליינע שיף: מיט איין קוימען. נאָר צו מיר האָט זי אויסגעקוקט געוואוגג גרויס, ווייל קיין גרעסערע שיף פון דער האָב איך ניט געזען; און דעם ים האָב איך דערזען צום ערשטען מאָל.

ענדלעך האָט די שיף זיך געלאָזט הערן דורך אַ באַסאָוון „פייף״, און זי האָט זיך גענומען אָוועקרוקן פונם ברעג. די מענטשן אַרום דער שיף האָבן זיך צערעדט אויף פאַרשידענע לשונות: געוואונטשן די אָפּגעפאָרענע אַ פאָר־געזונט! און געפאָכעט מיט זייערע ווייסע טיכלעך אין די הענט . . .

פאמעלעך און שטיל האָט די שיף זיך „געגליטשט״ אויף די שטילע וואַסערן, אַרום דעם אַנטווערפענער פּאָרט.

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער איז מען אַריין אין רעכטן ים אַריין. און די ים־פייגל, וואָס האָבן די שיף אַרויסבאַגלייט, זיינען זיך צעפלויגן אַהיים.

איך בין געשטאַנען אויף דעם דעק און כ׳האָב באַוואונדערט דעם ים און דעם הימל, און די ריזיקע כוואַליעס וועלכע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער שיף און געהויבן זי, גלייך זי וואָלט זיין אַ קליין מולטערל . . .

און איידער דער ערשטער טאָג איז פאַרגאַנגען, האָב איך שוין געמוזט אַ לויף טאָן צום פארענטש פון דער שיף און „אָפּגעבן דעם ים זיין חלק״ . . .

די גאַנצע נאַכט בין איך געווען קראַנק. אָבער דעם צווייטן טאָג האָט דער ים „געשלאָסן מיט מיר שלום״ . . . און איך בין געווען פון די גליקלעכע צו געפינען זיך אויף דער שיף, וועלכע וועט מיך ברענגען קיין אַמעריקע.

איך געדענק, איך בין אויף דער שיף געוואָרן אַ „סטרייקער״: איך האָב ניט געוואָלט גיין עסן ביים טיש, ביי וועלכן מ׳האָט מיך באַשטימט צו זיצן. דער הויפּט־„סאַרווער״ (סטואַרט) איז געקומען צו מיר אין קאַבינע פרעגן: פאַרוואָס? נאָר ער האָט מיך ניט פאַרשטאַנען, איז ער צוריקגעקומען מיט אַ יידיש מיידל, וואָס האָט גערעדט יידיש און ענגליש, און זי האָט אים איבער־געגעבן מיינע רייד. און ער האָט מיר דעם „סטרייק״ נאָכגעגעבן: נאָך בעסער, ער האָט מיר געגעבן פּלאַץ לעבן דעם מיידל.

אין צווייטן קלאַס, האָבן זיך אַ סך פון די פּאַסאַזשירן געפילט לאַנגוויייניק. ווען איך בין אַרונטער אין דריטן קלאַס, איז דאָרטן געווען גאָר פריילעך: מען האָט געזונגען און געטאַנצט, און זיך דערציילט די גליקן וואָס יעדן דערוואַרט אין אַמעריקע.

אויפן דריטן טאָג, איז אַן „אַמעריקאַנער וואָס האָט גערעדט אַ געמישטע שפּראַך: יידיש מיט ענגליש, אַרונטערגעקומען פון ערשטן קלאַס מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, און ער האָט זיך נאָכגעפרעגט „צי עמיצער קען דאָ שפּילן שאַך?" איך בין דאָרט געווען דער איינציקער וואָס האָט געשפּילט שאַך, האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך אין ערשטען קלאַס. אַזוי בין איך שוין געפאָרן ערשטע קלאַס ביז אַמעריקע: בלויז עסן און שלאָפן בין איך אַרונטער אין צווייטן קלאַס.

אויפן זיבעטן טאָג (מיר דוכט זיך דאָס איז געווען דעם 2טן יוני) איז די שיף קראָנלאַנד אַריינגעשוואומען אין די וואַסערן וואָס האָבן שוין באַלאַנגט צו אַמעריקע.

אינגיכן האָב איך פונווייטן דערזען יענע וואונדערלעכע פרוי מיטן „שטורקאַץ" אין איר אויפגעהויבענער האַנט, וואָס האָט דאַן באַגריסט די אַריינגעקומענע עמיגראַנטן. אויף דער שיף איז געוואָרן לעבעדיק. מען האָט זיך אַרומגעכאַפּט און געקושט, און געטאַנצט, מ'האָט זיך געפרייט ווי קליינע קינדער; מ'איז שוין אין אַמעריקע!

ערשט נאָך האַלב טאָג, איז די קראָנלאַנד צוגעשוואומען צו אַ ריזיקער „געביידע" (פּיער) און פון דאָרט האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אַ גרויסע „בריק", וועלכע מען האָט איר מיט אַ שטריק פאַרבונדן מיט דער שיף. און דאַן? . . . אך דאַן! . . . ווער קען עס דערציילן וואָס אַ מענטש האָט געפילט ביים אַרונ־טערלויפן פון דעם דעק פון דער שיף . . .

איך בין געווען דער ערשטער אַוועקצושטעלן מיין פוס אויף דער אַמע־ריקאַנער „בריק" און גיך זיך געיאָגט צו באַגעגענען זיך מיט אייגענע, וועלכע האָבן פאַר מיר געוואַרט . . .



# פאַרבענקט נאָכן היימישן סדר-טיש

סאל איז אַ יונגערמאַן אין די דרייסיקער יאָרן. ער איז אינגאַנצן צוויי יאָר אין אַמעריקע. אין דער קורצער צייט האָט ער זיך שוין אַ ביסל צוגעוואוינט צו די היגע מנהגים און לעבנס־באַדינגונגען דאָ אין לאַנד. אָבער ווען עס דערנענטערט זיך דער ליבער פרייהייטס־יום־טוב פסח, טראַכט ער זייער אַ סך פון דער אַלטער היים.

ער דערזעט אַן ערב־פסח אין זיין היימישן שטעטל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל ביי זיין טאַטע־מאַמע אין דער היים:

ס׳איז פאַרנאַכט. און ער מיטן טאַטן גייען אין שול אַריין צום יום־טוב׳דיקן מעריב. ער איז אָנגעטאָן אין אַ ניי „גאַרניטערל״, אַ פּאָר נייע שיך מיט „סקריפּ״, און אין זיין האַנט טראָגט ער דעם פסחדיקן מחזור.

אָט איז ער שוין צוריק אין דער היים: אין שטוב איז צוגעראַמט, ריין, און אַ שמעקנדיקע וואַרעמקייט קיצלט זיינע נאָזלעכער. אויפן טיש, צוגעדעקט מיט אַ ריינעם טישטעך, שטייען די אָפּגעשייערטע לייכטער, די גראַפינקע מיטן רויטן וויין, און צוויי גרויסע מיט דריי קליינע כוס׳עלעך, צעשטעלט אַרום טיש. דעם הענג־לאָמפּ אונטערן פּאָלעפּ האָבן זיינע שוועסטערלעך אויסגעפּוצט מיט קאָלירטע פּאַפּיר־„בלומען״, און ער זעט טאַקע אויס גלייך ווי פון קראָם אַרויס, אַ נייער.

און די מאַמע איז אָנגעטאָן אין אַ ניי „סיצען״ קלייד, וואָס זי האָט אַליין אויפגענייט, און ביידע שוועסטערלעך שיינען אַרויס פון זייערע נייע קליידלעך, און די בלויע סטענגעס פלאַטערן אין זייערע לאַנגע פאַרפלאָכטענע צעפּ.

דער טאַטע מיט דער צעקאַמטער באָרד און מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ זעצט זיך אויף דעם „הסב־בעט״, און ער עסק׳ט זיך שטילערהייט מיט דעם „אפיקומן״.

ער וואָלט אַזוי אַוועקגעטרוימט דעם גאַנצן טאָג, ווען זיין „וועקזייגער״ וואָלט אים ניט דערמאָנט, אַז ער דאַרף שוין גיין צו דער אַרבעט. ער האָט אָבער ביי זיך באַשלאָסן, אַז „אויב דער פעטער (זיין טאַטנס ברודער) וועט אים דעם יאָר אויך פאַרבעטן אַז ער זאָל קומען צו אים פאַר די סדרים״) וועט ער אים ניט אָפּזאָגן, ווי ער האָט עס געטאָן דעם ערשטן ערב־פסח, זייענדיק שוין אין אַמעריקע.

סאלס פעטער איז שוין פון אַ לענגערער צייט אין אַמעריקע. ער האָט געלאַנדעט אין ניו־יאָרק, און אין די ערשטע צייטן האָט ער זיך אָפּגעפלאָגט אַזוי ווי אַלע אַנדערע „גרינע״ יידן, אָנקומענדיק אַהער אין לאַנד. אָבער מיט דער צייט האָט ער זיך איינגעאָרדנט און „גענומען מאַכן פאַר זיך אַ לעבן״.

ער האָט אפילו באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ ביסל מזומנים אויף איינצוצאָלן פאַר אַ „הייזקע" מיט אַ גרינעם „לאָן" צום פראָנט גאַס, אין פלעטבוש.

ווען סאל איז פון דער אַלטער היים אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איז ער צו זיין פעטער מיט דער מומען געגאַנגען בלויז די ערשטע פאַר וואָכן, ביז ער האָט פאַר זיך אָפּגעזוכט אַ פלאַץ וואו צו וואוינען און אַ פלאַץ צו אַרבעטן.

ער איז ניט געווען „פאַרליבט" אין זיין פעטער. ער האָט אין זיין געדאַנק געטראָגן קעגן אים „אַן אַלטע קריוודע" . . . ער האָט ניט געקענט פאַרגעבן אים פאַר זיין „שפּילן די ראָלע פון אַ גאָטס סטראָפּטשע" . . . כלומרשט איז ער געווען אַ „פרומער", פאַר לייטן. אָבער ער, סאל, האָט דאָך געזען דעם פעטער טאָן „זאַכן", וואָס אַ פרומער ייד טוט זיי ניט. דערפאַר האָט ער אים גענומען פיינט האָבן. און אפילו דאָ, אין דעם נייעם לאַנד, האָט ער פאַרגעציגן צו וואוינען ביי פרעמדע, איידער צו זיין ביי זיין פעטער; ווי ער האָט עס אים פאַרגעשלאָגן, גלייך ביים ארונטערגיין „פון דער שיף".

איצט, ווען ס'האָט זיך דערנענטערט ערב פסח, און די בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָכן היימישן סדר־טיש, מיט טאַטע־מאַמעס יום־טובדיקע פּנימער איז געוואָרן עקשנותדיק, איז סאל געניוגט געווען אָנטקעגן צו קומען זיין פעטער; ער וועט טאַקע גיין צו אים אַהיים, און אויב ער וועט אים „איינלאַדן צו די סדרים", וועט ער זיך ניט אָפּזאָגן . . .

נאָך דעם זעלבן טאָג, גלייך נאָך דער אַרבעט, איז ער געפאָרן מיטן „סאָבוויי" קיין פלעטבוש, וואו זיין פעטער וואוינט, זיך ווייזן פאַר זיי אַז ער איז געקומען צו זיי צוגאַסט.

זיין אַריינקומען אין שטוב האָט געמאַכט אַ גרויס גערודער: דער פעטער איז אים אַנטקעגן געקומען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, און ווי אויס־געשריען —

— „האַלאָ, סאל! אַ גאַסט איז געקומען! . . . "

און די קינדער האָבן זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט. צולעצט איז צו אים צוגעגאַנגען די מומע סערל, און זי האָט אים אריינגעקוקט אין די אויגן אַריין, און געזאָגט:

„לאָמיר דיך טאַקע אָנקוקן; שוין לאַנג אַז דו ביסט דאָ ניט געווען. כ'האָב טאַקע שוין איבערגערעדט מיט דיין פעטער, ער זאָל דיך איינלאַדן, זאָלסט קומען צו די סדרים . . . ס'איז דאָך עפּעס יום־טוב! . . . מילא, אַ גאַנץ יאָר, עסטו אין רעסטאָראַן. ס'מזל מיינע שונאים, ס'אַראַ לעבן!" — און זי האָט אַ וויש געטאָן אירע אויגן.

סאל איז אין יענער מינוט געוואָרן גערירט פון אַזאַ האַרציקן „ברוך־הבא" . . .

האָט ער זיך טאַקע געלאָזט וואוילגיין דעם גאַנצן אָוונט, פאַרבראַכט מיטן פעטער און מיט די קינדער. דעם פעטער האָט ער אפילו געמאַכט אַ „שטאַרקן

קאָמפּלימענט״, געזאָגט צו אים, אַז ״מיטן אַראָפּראַזירן דאָס פּיצל בערדל, וואָס איז אים נאָך געווען פאַרבליבן אויף זיין גאָמבע, אַלס אַ ״זכר״ פון דער אַמאָליקער ברייטער באָרד, קוקט ער טאַקע איצט אויס אַ סך יונגער . . . ״

און פאַרן אַוועקגיין פון פּעטערס הויז, האָט אים די מומע סערל, באַזונדער, נאָכאַמאָל אָנגעזאָגט אַז ער זאָל למען־השם קומען צו די סדרים, און ער וועט זיך פילן ווי ביי זיך אין דערהיים.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דעם גאַנצן טאָג פון ערב פסח איז ער געווען שטאַרק אויפגעלייגט און ער האָט כסדר געטראַכט וועגן ״אויפדערנאַכטיקן סדר״, וועגן זיין אייגענע טאַטע־מאַמע, וועגן די אַמאָליקע סדרים וואָס זיין טאַטע האָט ״געפּראַוועט״. און ער האָט זיך אויך פאַרגעשטעלט דעם ״היינט אויפדערנאַכט״, ווען דער פּעטער זיינער וועט זיך אַוועקזעצן אויף דעם ״הסב־בעט״ און וועט זיך עוסקן מיטן ״אפיקומן״ צו באַהאַלטן אים אונטערן קישן, וועט עס אים דאַן דערמאָנען אין זיין אייגענעם טאַטן . . .

ענדלעך איז דער טאָג פאַרגאַנגען, ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, ווען ער ווערט פריי פון זיין אַרבעט. אויף צולהכעיס האָט ער גראָד היינט נאָך פאַרשפּעטיקט זיך אַביסל. ער האָט זיך אָבער געטרייסט, אַז נישקשה, ס׳איז דאָך היינט יום־טוב אויפדערנאַכט. מען איילט זיך דאָך ניט, ווי צו אַ וואָכנדיקער וועטשערע . . . ״

ער איז אָבער אויפגיך געלאָפן צו זיך אַהיים, זיך איבערגעטאָן, און שוין אַ ריינער, מיט אַ צופרידענעם געמיט, זיך געלאָזט גיין צום ״סאָבוויי״.

ווען ער איז אָנגעקומען אין פלעטבוש, איז שוין געווען דער זייגער נאָך זיבן, און ער האָט נאָך געהאַט אַ פיר גאַסן צוצוגיין ביזן פּעטערס הויז. ער האָט פאַרשנעלערט זיין גאַנג, און ס׳האָט אים שוין ניט גענומען לאַנג ביז ער איז צוגעקומען אַהין.

נאָר פאַרן אַריינגיין אין שטוב האָט ער דערזען דורך דער שויבן־טיר אַזוינס, וואָס האָט געמאַכט זיין האַרץ צו קלאַפּן האַסטיק . . . ווייל אינעווייניק, דורך די צעעפנטע טירן, האָט ער געזען דעם ״עס־צימער״, און דער גרויסער טיש איז שוין אָפּגעליידיקט. די ליכט אין די זילבערנע לייכטער זיינען שוין באַלד אויסגעברענט. די מומע זיצט איינע אַליין, און זי קוקט אַריין אין אַ ספר.

סאָל האָט שוין פאַרשטאַנען אַז זיין קומען אַהער איז געווען אומזיסט. ווייל דער פּעטער האָט שוין ״דעם סדר אָפּגעפּראַוועט״ . . . מ׳האָט אויף אים ניט געוואַרט, כאָטש עס איז נאָך אפילו קיין אַכט אַזייגער ניט געווען.

ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע אַ פאַרגליווערטער. זיינע שטאַרע אויגן האָט ער ״אויף דער רגע״ ניט געקענט אַוועקנעמען פון דעם, וואָס ער האָט דאָרטן דערזען. עס איז אים געווען שווער צו גלויבן אַז דאָס איז אמת. און ווען ער איז צו זיך געקומען, פון דער גרויסער איבעררעשונג, האָט ער באַשלאָסן

אַריינצוגיין אין שטוב, און טאָקע דערהערן פון דער מומעס מויל, וואָס דאָ איז געשען? . . .

זיין אַריינקום אין שטוב, נאָכן צומאַכן די גלעזערנע טיר נאָך זיך, האָט דער מומען אויפגעוועקט פון איר „השתפכות־הלב־נגון״, מיט וועלכן זי האָט אַרויסגעזונגען פון דער הגדה . . . זי האָט זיך אַ הויב געטאָן פון איר פלאַץ, און געגאַנגען סאלן אַנטקעגן. מיט אַ האַרציקער מאַמע־פרייד האָט זי אים אויפגענומען מיט „אַ גוט יום־טוב סאל! האָסט זיך אַביסעלע פאַרשפעטיקט . . . אָבער נישקשה, קום אַריין! אָט גיי איך שוין גרייטן דעם טיש . . . כ׳וועל אָנ־צינדן אַ פּאָר פרישע ליכט און מאַכן יום־טובדיק . . . ״

ער איז אַנטקעגן איר געשטאַנען מיט אַ צוגעמאַכט מויל. ער האָט ניט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגן וואָס ביי אים אין האַרצן איז, און וואָס אין זיין מוח קומט איצט פאָר . . .

אָבער די מומע האָט פאַרגעזעצט אירע רייד:

— דו הערסט, סאַל . . . כ׳וויס אַליין נישט וואָס צו זאָגן דיר; כ׳האָב זיך ביי דיין פעטער געבעטן: „לאָמיר נאָך צוואוואַרטן אַ ווײלע, סאל וועט דאָך זיכער באַלד אַריינקומען . . . ״

— „טאָ וואָס־זשע מיינסטו, האָט ער מיר געענטפערט?

— „גיי שוין גיי! סאל איז דאָך עפּעס פון די פריידענקערס! . . . ער ער האלט סיי ווי סיי ניט פון ׳פּראַוון דעם סדר׳ . . .

— „איך זאָג דיר, סאל״ — האָט די מומע מיט אַ שטילן קול געזאָגט — „עפּעס אַן איבערקערעניש איז געקומען אויף אים דאָ אין אַמעריקע . . . אַז איך זאָג דיר, אַזעלכע ׳סדרים׳ ווי ער האָט היינט ׳געפּראַוועט׳ . . . ווער ס׳ווינטשט מיר שלעכטס . . . ער האָט אָפּגעמאָלן די הגדה . . . אָפּגעכאַפּט דאָס עסן, און זיך געגאַנגען צולייגן! . . . ״ ,

די מומע האָט אַ וויש געטאָן איר נאָז, און מיט אַ באַגייטן שמייכעלע אויף איר גוטמוטיקן פּנים, האָט זי נאָכאַמאָל אַ זאָג־געטאָן צו סאלן, ער זאָל זיך אַוועקזעצן ביים טיש, און זי וועט פון דער קיך גלייך גיין ברענגען פאַר אים דעם עסן.

— — — — — — — — — — — — — —

סאל האָט באַלד פאַרלאָזט די שטוב, און די ביינאַכטיקע פרישע לופט האָט אָפּגעקילט זיין צעפלאַמטן פּנים און זיינע פאַרגיכערטע טריט האָבן אים שנעל געבראַכט צום „סאָבוויי־סטיישאָן״ . . .

און איבערן גאַנצן וועג, פאַרנדיק, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטן פון זיין טאַטנס סדרים . . . נאָך וועלכע ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק געבענקט . . .

# דמיונות מיט צוגעמאַכטע אויגן

אין שטאַטישן פּאַרק: אינדרויסן איז זומערדיק. מענטשן גייען אין לייכטע קליידער אָנגעטאָן, און שפּאַצירן אויף די גלאַטע אַלייען. אַנדערע זיצן אויף די בענק און זיי לאָזן זיך וואַרעמען פון דער זון.

נאָר אויף איין אָפּגעזונדערטן פּלאַץ איז טומלדיק: קליינע קינדערלעך הוידלען זיך און זיי גליטשן זיך פון אַ העכערער פּלאַטפאָרמע, אַרונטער אויף אַ בערגל זאַמד. און די יוגנטלעכע צעוואָרפן, איינע צו די אַנדערע, אַ גומענע פּילקע. מיידלעך שפּילן „טעניס״.

און אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון דאָזיקן שפּיל־פּלאַץ, זיצן צוויי עלטערע מענטשן, אַ מאַן מיט אַ פרוי, און זיי קוקן נאָך די שפּאַצירנדיקע יוגנט מיט אַ שמייכל, ווען יענע האַלטן זיך פאַר די הענט, און קוקן זיך איינס דעם צווייטן אין די אויגן אַריין . . .

אויף די שמייכלדיקע פּנימער פון די צוויי עלטערע מענטשן איז קענטיק, אַז דאָס דערמאָנט זיי אין זייערע אייגענע יוגנטלעכע יאָרן — כאָטש וועגן דעם רעדן זיי ניט. אָבער, דער מאַן מיט די ווייסע האָר אויפן קאָפּ פאַרטראַכט זיך, ער מאַכט צו זיינע אויגן, און אין זיין דמיון דערזעט ער זיך ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור און ער איז איינער אַליין אָנגעקומען קיין אַמעריקע . . . און ער דערמאָנט זיך:

— — — דאָס נייע לעבן פאַלט שווער אויף אים. אין אַ קורצער צייט פאַרלירט ער זיינע כוחות, ער קען ניט מער אַרבעטן, און אַ דאָקטאָר הייסט אים ער זאָל אַ ביסל זיך אָפּרוען, ער זאָל אַוועקפאָרן אויף די בערג, אין די „קעטסקילס״.

ס׳איז נאָך פּסח. אינדרויסן האָט דער פרילינג זיך געשטעלט, און ער איז גרייט צו פאַרלאָזן זיין „פאַרנישד רום״ אויפן פערטן שטאָק. ער לאָזט זיך גיין צופוס ביז דער „פערי״, וועלכע פירט אים אַריבער דעם „האָדסאָן״, צו דער סטאַנציע „וויהאָקן״, וואו ער זעצט זיך אין אַ באַן, ער פאָרט אין די „קעטס־קיל־בערג״.

ער זיצט לעבן אַ פענצטער און קוקט אַרויס ווען די באַן רוקט זיך אַוועק פון „סטיישאַן״, זי פּלאָנטערט זיך אַרויס פון די געפלאָכטענע רעלסן, זי בויערט זיך אַדורך אַ פּאָר טונעלן, און זי צעפייפט זיך, זי וואָרנט מ׳זאָל איר אין וועג ניט שטיין . . . די באַן „קריכט״ לעבן האָדסאָן, ווי אַ שוואַרצע שלאַנג . . . זיג־זאַגיק. ער באַוואונדערט די שיינקייט פון די בערג, די ביימער, און ער טראַכט אַז „ניו־יאָרק איז ניט גאַנץ אַמעריקע״.

די באַן בלייבט שטיין לעבן דער סטאַנציע „עלענוויל״. ער גייט אַרונטער

פונם וואַגאָן, און עס קומט־צו צו אים אַ ייד: ער איז אָנגעטאָן ווי אַ פּאַרמער; אַ לעדערנעם רעקל, אַ פּאָר הויכע פאַרשנורעוועטע שיך, אַ באַוואַקסן פּנים מיט אַ חצי בערדל, און ער פרעגט ביי אים: „איז אייער נאָמען שלמה?״

ער ענטפערט „יאָ!״ — און דער ייד זאָגט אים אַז ער איז דער יידישער פּאַרמער, מר. גאָלדבערג, מיט וועמען שלמה האָט גערעדט צו אים דורכן טע־לעפאָן אין ניו־יאָרק.

זיי גייען ביידע צו דער „מאַשין״, זי שטייט ניט ווייט פון סטיישאָן. ביידע זעצן זיך אַריין אין דער מאַשין, און זיי פאָרן אויף אַ שמאָלן, בלאָטיקן וועג ביז מיסטער גאָלדבערס פּאַרם.

פון ערגעץ לויפט אָן אַ גרויסער הונט, און ער פאַלט־צו צו זיין באַלעבאָס, ער קושט דעם באַלעבאָס הענט, ער באַשמעקט דעם ניי־געקומענעם גאַסט, און ער „באַגריסט״ אים מיט אַ — „האַו! האַו!״

עס קומט אַרויס די יידישע פאַרמערקע מיט אַ וואַרעמען שמייכל אויף איר נאָך יונגן פּנים און זי באַגריסט אים. זי זאָגט אים אָן אַז ער איז „דער ערשטער גאַסט פון ניו־יאָרק פאַרן נייעם סעזאָן״.

זי בעט אים אַריין אין שטוב, און זי ווייזט אים וואו ער וועט זיך קענען „אָפּפרישן אַ ביסל פון דעם לאַנגן פאָרן״. און נאָכדעם רופט זי אים „ער זאָל זיך זעצן צום טיש עסן זיין ערשטן מאָלצייט״.

דאָס מילכיקס, מיט די פּאָטראָוועס וואָס זי האָט צוגעגרייט פון איר אייגע־נער פאַרם, עסט ער מיט אַפּעטיט . . . און ער פאַרזוכט דעם גוטן טעם פון די „קעטסקיל־בערג״.

נאָכן עסן איילן זיך ביידע, דער פאַרמער מיטן ווייב, צוריק אינדרויסן אַרויס: זיי זאָגן אים, אַז זיי האָבן אַ סך אַרבעט נאָך אָפּצוטאָן, ביז זיי וועלן זיין גרייט אַלע געסט אויפצונעמען. און אים רעדן זיי צו, אַז ער זאָל ניט בלייבן זיצן אין שטוב: „אין דרויסן איז וואַרעם, און די לופט שמעקט״ — זאָגן זיי צו אים.

גייט ער זיך באַקענען מיט דעם „דרויסן״: ער האַלט זיך אָבער נאָנט לעבן דער פּאַרם און ער באַקוקט אַלץ וואָס זיין אויג דערזעט: די קליינע גרינע קנאָספּן אויף די ביימער צעעפענען זיך שוין. עס גרינען די בערג. עס פליען אום פייגעלעך מיט אַ צוויטשעריי, גלייך זיי „זאָגן אים אָן״, אַז זיי זיינען אויך שוין אַהערגעקומען דאָ איבערצווינטערן . . .

ער דערזעט אַ ווייסן האָן מיט אַ פייערדיקן „קאַם״, ווי ער חנדלט זיך צו זיינע „ווייבער הינער״: ער לאָזט אַרונטער איין פליגל, ווי אַ פּעכער, און ער שאַרט מיט אים דעם שטויביקן זאַמד אַרום זיך אין אַ ראָד . . . און די הינער צעלויפן זיך. אַ גרויסער הונט יאָגט זיך מיט אַ געביל נאָך אַ קליין הינטעלע. די קאַץ וואַרעמט זיך אין דער זון. און דער פּאַרמער פאַרריכט די אַלטע בעטן. ער פאַרבט און רייניקט זיי. די פּאַרמערקע „בעזעמט־אויס״ די אַלטע מאַטראַצן,

זי גרייט זיי פאַר די קומענדיקע געסט, וועלכע וועלן קומען צו איר אויף דאַטשע . . .

און דער ערשטער טאָג פאַרגייט. די נאַכט נידערט אַרונטער פון די הויכע בערג, און ער קערט זיך אום צוריק אין שטוב אַריין.

אין שטוב שמעקט דאָס צוגעגרייטע עסן. דער טיש איז שוין געגרייט, און עס דערמאָנט אים אין די שבתדיקע מאכלים אין דער אַלטער היים ביי זיינע טאַטע־מאַמע. די שטוב־באַלעבאַטים רופן אים צום טיש, און דאָס עסן האָט אַלע טעמים. ס׳ווערט אים גוט אויפן האַרצן, און ער פילט ווי אויפצוזינגען די שבתדיקע זמירות . . .

נאָכן עסן גייען די פאַרמערס צו זייערע בהמות אין שטאַל אַריין. זיי קומען צוריק מיט צוויי גרויסע שעפּלען שוימיקע מילך. זיי הייסן אים טרינקען וויפל ער וויל, דערנאָך שטעלט ער זיך אַרויס אינדרויסן, און ער באַוואונדערט דעם אויסגעשטערנטן הימל. עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט די שטערן שוין געזען אין זיין אַמאָליקן קליינעם שטעטל. נאָר אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק האָט ער זיי ניט געזען.

די שמעקעדיקע לופט קילט זיין פּנים. פון די טונקעלע בערג, און פלאַכן, הערט ער דאָס ״געזאַנג״ פון די גרילן: זייער לויב צו דער נאַכט.

ווען ער גייט צוריק אַריין אין שטוב, ווייס ער שוין וואו ער וועט שלאָפן: די פענצטער אין צימער זיינען אָפן, און אַ שטיל ווינטעלע צעבלאָזט די ווייסע פאָרהאנגלעך, ווען ער לייגט זיך אין בעט אַריין ״ווינקט״ אַ ליכטיקער שטערן צו אים . . .

— — — אינדערפרי איז ער אויסגערוט. ער פילט עס אין אַלע גלידער. און די זון קוקט אַריין צו אים.

נאָכן געשמאַקן ״ברעקפעסט״, פרעגט ביי אים מיסטער גאָלדבערג, צי ער וויל אויך גיין מיט אים ״פאַרטרייבן״ ליזען מיט בעסין אויף דער לאָנקע אַרויף? . . . און דער פאַרמער פאַרריכט זיך גלייך: ער זאָגט אים: די צוויי ״נעמען״ באַלאַנגען ניט צו צוויי מיידלעך, חלילה, נאָר צו זיינעביידע בהמות, און ער צעלאַכט זיך באַלד.

שלמה פילט ווי זיין געזונט בעסערט זיך, נאָך איין וואָך זיין אויפן פאַרם. און ער ציט־אויס זיינע שפּאַציר־גענג, יעדן טאָג אַלץ לענגער. און עס ציט אים צו דעם וויטן בערגל, אויף וועלכן עס שטייט אַ קליין וועלדעלע.

ס׳איז אַ וואַרימער פרימאָרגן. די זון איז הויך אין הימל. און זיין בליק איז ״אָנגעטשעפּעט״ אָן יענעם בערגל. דאָס קליינע וועלדעלע רופט אים צו זיך.

דער זאַמדיקער וועג איז ווייך פאַר די פיס צום גיין. דאָרטן זעצט ער זיך אויף אַ שטיין, ער רוט זיך אָפּ, און נאָכדעם קלעטערט ער אַרויף אין וועלדל אַריין.

די שטילקייט ברעכט זיך אונטער זיינע טריט. דאָס פאַרטייעטע וועלדל

האָט זיך אויפגעכאַפּט . . . דיביימער האָבן זיך „צעשושקעט" . . . אַ פּאָר איבערגעשראָקענע קליינע וועווערקעס דראַפּען זיך אויף די ביימער אַרויף . . . ער צעלאַכט זיך, און די ביימער „לאַכן"־מיט מיט אים . . . די ערד איז באַשאָטן מיט ברוינע „נאָדלען", פון די ביימער אַראָפּגעפאַלענע. ער האָט דעם געפיל, גלייך ער וואָלט דאָ געטראָטן אויף ברוינע טעפּיכער, וועלכע עס האָט, לכבוד אים, דאָס וועלדל זיי אויסגעשפּרייט . . .

די שטילקייט האָט אין אים אויפגעוועקט זכרונות פון דער אַלטער היים; זיך דערמאָנט אין דעם גרויסן וואַלד, אין וועלכן ער האָט זיינע יוגנטלעכע טעג פאַרבראַכט. און ער האָט זיי פאַרגליכן מיט דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וואו ער האָט נאָך ניט אָפּגעלעבט קיין סך רואיקע טעג . . . און יענער רעזשיקער לעבן ליגט נאָך ביי אים אין די אויערן . . .

נאָר פּלוצלונג האָט צו זיינע אויערן דערגרייכט אַ „געזאַנגס־מעלאָדיע" — פון ערגעץ האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ זינגענדיקע פרויען־שטים —

— „גיי איך מיר שפּאַצירן . . . טראַל־לאַ־לאַ־לאַ!
באַגעגן איך אַ בחור . . . אַהאַ! — אַהאַ!"

דאָס געזאַנג טראָגט זיך אַלץ נעענטער צו אים אין וועלדל אַריין . . . ער ווערט מיטגעריסן צו דעם ליד . . . און ער גייט זען ווער עס זינגט:

ער פאַרשטעלט זיך אונטער אַ בוים, און ער זעט — אַ יונג מיידל מיט אַ קאָפּ שוואַרצע, צעווינטלטע האָר, טריטלט באַרג אַרויף גלייך „צו אים אין וועלדל אַריין" . . .

ער ווערט אַנטציקט און באַצויבערט פון איר אויסזען . . . ער וואַרט ביז „זי" טריטלט אַריבער די ערשטע ביימער: מיטאַמאָל באַווייזט ער זיך פאַר איר מיט אַ „האַנט־פּאַטשן", און ער זינגט פאַר איר די ווייטערדיקע פערזן פונם ליד —

— „דער זומער איז געקומען . . . טראַ־לאַ־לאַ־לאַ!
דער זומער איז געקומען — טראַ־לאַ־לאַ־לאַ! . . ."

דאָס איבערראַשטע מיידל קוקט אויף אים מיט שרעק . . . זי האָט מורא ווייטער צו גיין. אָבער ער דערנעענטערט זיך צו איר און פאַרבויגט זיך פאַר איר, ווי אַ „גאַלאַנטער קאַוואַליער", און ער זאָגט —

— „אינם נאָמען פון אַלע ביימער, און אין מיין אייגענעם נאָמען, באַגריסן מיר אייך, טייערע יידישע זינגערין. איר זענט וועלקאָמען אין אונדזער וואַלד־מלוכה, און איר וועט אונדז העלפן צו פאַרטרייבן פון דאַנען די אייביקע שטיל־קייט . . . אַלס צייכן פון מיין אונטערטעניקייט צו אייך, יונגע פריילין, גיב איך איבער צו אייך מיין „טראָן", אויף וועלכן איך האָב דאָ געקיניגט: ביז איר זענט אַהערגעקומען . . .

ביידע צעלאַכן זיך, און זיי באַגריסן זיך, מיט זייערע הענט —

— מיין נאָמען איז שלמה״, — זאָגט ער צו איר.

— „מיין נאָמען איז חנהלע״, — זאָגט זי צו אים.

און זיי צעזינגען זיך ביידע פון דאָסניי —

— ״גיי איך מיר שפּאַצירן, טראַ־לאַ־לאַ־לאַ . . .

— — — די שטיפערישע יוגנט, וועלכע האָבן זיך צעוואָרפן מיט דער גומענער פּילקע, איינס צום אַנדערן, האָבן מיט זייערע הויכע קולות אויפגע־וועקט דעם עלטערן ייד פון זיינע דרימלענדיקע רעיונות . . .

דער מאַן האָט צעעפנט זיינע אויגן, און ער האָט זיך „פרעמדלעך״ אַרומ־געקוקט . . . זיין פרוי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל, ווי אַ מאַמע ווען זי פאַרקוקט זיך אויף איר קינד, ווען דאָס שטייט אויף פונם לאַנגן שלאָף . . .

און דער מאַן האָט אַ זאָג געטאָן צו איר מיט אַ שטיל קול, פול מיט צערט־לעכקייט:

„חנהלע . . . דו געדענקסט נאָך דאָס אַמאָליקע לידעלע, וועלכעס דו האָסט אַרויפגעיענדיק אין אַ וועלדעלע אַריין אויסגעזונגען? . . .

חנהלעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ יוגנטלעכן שיין . . . און צו איר מאַן האָט זי אויסגעקוקט ווי אַמאָל, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, ווען זי איז ניינצן יאָר אַלט געווען . . .

חנהלע האָט אויף איר מאַנס פראַגע ניט געענטפערט, נאָר זי האָט איר גלאַטע, ווייסע האַנט אין זיינער אַריינגעשטעלט . . . און זיי האָבן ביידע שטי־לערהייט זיך צעזונגען —

— גיי איך מיר שפּאַצירן . . . טראַ־לאַ־לאַ־לאַ!

ער זאָגט ער וועט מיך נעמען . . . א־ה־א! . . . א־ה־א! . . .

זי זאָגט זי וועט מיך נעמען — א־ה־א! . . . א־ה־א!!״

. . . . . . . . . . . .



## אַ יידישער „אַנטיסעמיט"

ווען עס קומט אָן דער ליבער זומער האָב איך ליב צו פאַרברענגען די טעג אין דעם שטאָטישן פּאַרק, וואו דיביימער מיט זייערע צווייגן און בלעטער פאַרשטעלן די ברענענדיקע זון. איך האָב ליב צו זעצן זיך אויף אַ באַנק וואו עס זיצן נאָך מענטשן, און מען באַקענט זיך מיט זיי, אַמאָל רעדט מען זיך אַראָפּ פונם האַרצן פאַר זיי, און מען צעגייט זיך ווי פריינט.

אָט האָב איך זיך באפריינדט מיט אַן עלטערן יידן. ער פלעגט אויך קומען יעדן טאָג, און זיך זעצן מיט מיר אויף דער זעלבער באַנק. מיר פלעגן איינער דעם צווייטן אָפּדערציילן פון אונדזערע איבערלעבונגען אין דער גרויסער שטאָט לאָס אַנדזשעלעס.

דער ייד איז אין דער דאָזיקער „מלאכים־שטאָט" שוין אַן „אָלד־טיימער". ער האָט זיך פאַר מיר באַרימט, ווען ער איז אַריבערגעקומען „פון דער איסט" אַהער, זיינען נאָך ניט געווען קיין סך יידן אין לאָס אַנדזשעלעס, און פון די היינט־פאַרצווייגטע יידישע אינסטיטוציעס, ווי שולן, סענטערס, שפּיטאָלן, איז דאַן נאָך קיין סימן ניט געווען.

טאַקע צוליב דעם, זאָגט ער, וויל ער מיר עפּעס דערציילן, ווייל דאָס האָט אין זיך אַ „יידישן עלעמענט" (זיין אויסדרוק), און דערפאַר איז עס אין זיין געדאַנק פאַרבליבן אַלס אַ פיינע דעראינערונג. און איך לאָז עס אים „אַליין דערציילן":

— „אַרויסגעפאָרן פון ניו יאָרק בין איך אום ווינטער. דער פראָסט האָט געברענט די אויערן. ווען איך בין אָנגעקומען קיין לאָס אַנדזשעלעס, איז געווען זומערדיק. איך נעם זיך ניט אונטער אָפּצושילדערן דעם קאַליפאָרניער וועטער, מיט די וואַרעמע טעג, און וועגן דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט, ווייל נישט וועגן דעם וויל איך דערציילן.

איך פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז אפילו דאַן האָט זיך איינער ניט געקענט צופרידן שטעלן מיט דער לופט: צו דער ריינער לופט האָט מען נאָך געדאַרפט אַרבעטן, פאַרדינען, אַז מ'זאָל קענען דינגען אַ צימער, און עסן דריי מאָל אַ טאָג.

האָב איך זיך ניט געפוילט, און אויפן דריטן טאָג בין איך שוין געגאַנגען זוכן אַ „דזשאַב". איך האָב זיך דערוואוסט, אַז צום גרינגסטן וועט פאַר מיר זיין, ווען איך וועל קויפן אַן ענגלישע צייטונג און אַריינקוקן אין די אַנאָנסן (אַדווערטייזמענטס).

אַזוי האָב איך געטאָן: און אין אַנאָנס האָט זיך געלייענט — „באַרבער וואָנטעד. מאסט בי גוד גוד פּיי. קאַם עט וואַנס!" (מ'דאַרף אַ שערער, מוז זיין גוט. גוט באַצאָלט. קומט שוין!)

איך האָב לאַנג ניט געטראַכט. איך האָב מיטגענומען מיינע געציייגן (טולס) און געגאַנגען ענטפערן אויפן „אַנאַנס״.

איך בין אָנגעקומען אויף „בראָדוויי״, די הויפּט־געשעפטס־גאַס אין לאָס אנדזשעלעס. לויטן אַדרעס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרויסן „באַרבער־שאַפּ״, לעבן וועלכן ס׳איז אויך געווען אַ „ציגאַר־סטענד״, און אַ שוואַרצער האָט געפּוצט שיך אויף אַ צווייטן „סטענד״ דער יונגערמאַן לעבן „ציגאַר־סטענד״ איז געווען דער אייגנטימער פונם באַרבער־שאַפּ. ער האָט אויסגע־קוקט ווי אַן אמעריקאַנער, אין קיין פאַל ניט ווי אַ ייד. איך האָב זיך צוגעהערט וועז ער האָט גערעדט צו די צוגעקומענע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט קויפן ביי אים אַ צייטונג, אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, און איך האָב געטראַכט, אַז ער איז אַ „קריסט״.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים מיטן „אַנאַנס״, און כ׳האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַ גוטער באַרבער. אַז איך קען זיך שטעלן אַרבעטן, אויב ער וויל מיך אָנשטעלן צו דער אַרבעט. ווען דליק ווי ער האָט אויף מיר געקוקט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער „שטודירט״ מיין פּנים. איך האָב געפילט ווי אינווייניק האָט זיך אין מיר אַ צאַפּל געטאָן . . . ענדלעך האָב איך דערהערט זיין פראַגע: „וואט איז יור ניים?״ — איך האָב אים געזאָגט מיין נאָמען. — „יו אַר דזשואיש?״ — האָט ער מיך געפרעגט די באַקאַנטע פראַגע, וועלכע מיר איז אויסגעקומען אַ סך מאָל זי צו הערן.

איך האָב אים אויף דער פראַגע ניט געענטפערט, ווייל איך האָב באַלד געקראָגן דעם „געפיל״, אַז ער וועט מיך ניט אָנשטעלן צו דער אַרבעט. האָב איך אַ שמייכל געטאָן, און גענומען אַוועקגיין פון אים.

איך בין אַוועק פון אים אַ צען טריט, און איך האָב באַלד דערהערט נאָכשרייען מיין נאָמען. איך האָב זיך אומגעקוקט, און כ׳בין געווען צופרידן, ווייל איך האָב שטאַרק געוואָלט אַז ער זאָל מיך אָנשטעלן צו דער אַרבעט.

איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים, מיטן זעלבן „שמייכל״ ווי פריער, ווען איך בין פון אים אַוועק. איך האָב געוואַרט אַז ער זאָל מיר זאָגן וואָס וויל ער פון מיר. — „וועל . . . טאמאראו איז סאטורדיי, ענד איי ניד עי באַרבער. יו מיי גאָ אין טו סטאַרט עט די לעסט טשער״ (נו, מאָרגן איז שבת, און איך דאַרף אַ באַרבער. דו מעגסט אַריינגיין זיך שטעלן ביי דעם לעצטן שטול).

מער האָב איך גאָרניט געוואָלט הערן פון אים. איך האָב זיך פאַרנומען אין באַרבער שאַפּ אַריין, און ער איז אונטער מיר אויך אַריין, און געזאָגט דעם „פאָרמאַן״ (דער וואָס איז געשטאַנען לעם ערשטן שטול), אַז איך בין דער נייער באַרבער. און ער איז צוריק אַרויסגעגאַנגען צום ציגאַר־סטענד.

ווען דליק די „פינף פאַר אויגן״ (פינף באַרבערס) האָבן מיר אַ מעסט געטאָן, בין איך באַלד איבערצייגט געוואָרן, אַז איך בין פאַר זיי די גרעסטע איבער־

ראַשונג. אַלע פינף זיינען זיי געווען קריסטן: איך איינער צווישן פינף גויים . . .

און גויים זיינען דאָ ניט בלויז די „באַרבערס", נאָר די „קאַסטימערס", וועלכע קומען אין גרויסע צאָלן, זיינען אויך קריסטן. קיין יידישע פנימער האָבן זיך ניט באַוויזן אין דעם באַרבער־שאַפּ. אָבער עס האָט מיך ניט געאַרט. איך האָב שוין אַ סך מאָל געאַרבעט צוזאַמען מיט קריסטן. איך האָב זיך פאַר־גענומען „צו מאַכן גוט", ווי מען זאָגט אין ענגליש. ווייל איך האָב געהאַט דעם געפיל, אַז דאָ וועל איך קענען גוט פאַרדינען. ס'איז געווען אַרבעט פאַר אַלע זעקס „טשערס".

אָבער אין יענע יאָרן זיינען דעם „באַרבערס" שכירות געווען קליינע, איז אַלס צולאָג צו די קליינע שכירות, האָט ער נאָך געדאַרפט זיין: ערשטנס, אַ גוטער בעל־מלאכה, אַז „קאַסטימערס" זאָלן אים אָפּשאַצן, און זיך וועלן זעצן „נאָר אויף זיין טשער" . . . צווייטנס, האָט ער באַדאַרפט „קענען מאַכן אַ טשעק" (דאָס האָט געמיינט פאַרקויפן דעם „קאַסטימער" אַחוץ אָפּשערן און אָפּראַזירן: אויך אַ מאַסאַדזש, אַ שאַמפּאו, און אַ העירטאָניק . . . )

אַזוי־נאָך איז שוין דער אַרבעטער געוואָרן פאַר זיך אין „ביזנעס". ער האָט געשטרעבט צו „געווינען" וואָס מער „קאַסטימערס" אין זיין קרעמל אַריין (אויף זיין „טשער" אַרויף). די „מיטלען" זיינען דערביי געווען: וואָס מער חניפה צו דעם אַריינגעקומענעם . . . און „קענען רעדן צו אים וועגן „ספּאָרטס" . . .

איך בין אָבער ניט פעאיק געווען צו ביידע זאַכן. אַלץ וואָס איך האָב גוט געקענט, איז געווען די אַרבעט וואָס איך האָב געמאַכט.

שוין אָפּאַרבעטנדיק דעם דריטן טאָג, האָב איך זיך איבערצייגט אַז ביי אַלע פינף באַרבערס איז געשלאָסן געוואָרן אַ שטומער „יד־אחת" — זיי זאָלן ניט דערלאָזן צו מיין „טשער" די „גוטע קאָסטימערס" . . .

אָבער מיר האָט דאָס אויך ניט געאַרט: איך האָב זיך פאָרגענומען, אַז איך וועל זיך מיט דער צייט דאָ קענען אויסגלייכן מיט זיי, אפילו ווען איך וועל „מיינע קאָסטימערס" ניט צורעדן צו די „טשאם־גראם" צודאַטן . . . איך האָב געוואוסט, אַז איך בין ניט קיין „שיפּע־זיבעלע", ווען עס קומט צו אַ „פאַר־מעסט" ווער עס אַרבעט שנעלער.

און „זיי" האָבן דאָס גיך דערפילט: אויף איין „העירקאַט", וואָס זיי האָבן געמאַכט, האָב איך צוויי „העירקאַטס" געמאַכט. און דאָס האָט זיי אינגאַנצן פריטשמעלעט . . .

דערפאַר אליין איז דער יונגער באַלעבאָס פונם „בארבער־שאַפּ" גאָר געוואָרן „פריינטלעכער" צו מיר. זיין „פריינטלעכקייט" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט מיך אַמאָל אַ פרעג געטאָן: „האו אַר יו?" . . . אָבער מער ניט. ער האָט אויסגעמיטן צו רעדן מיט מיר. און ער איז גראד געווען אַ באַרע־דעוודיקער: מיט אַלע פינף באַרבערס האָט ער זיך געטיילט „מיט די לעצטע

סקאָרס״, וואָס ער האָט איבערגעלייענט אין די צייטונגען, וועגן אַלערליי „שפּילן״ . . .

נו, טאַקע, וואָס האָב איך געוואוסט פון אַ „בייזבאָל״? אַ „סאָקער באָל״? צי וועגן אַ „פייט״? — מיך האָבן די נייעסן ניט אינטערעסירט. וואָס אַנדערש האָט ער מיט מיר געקענט רעדן: וועגן „יידישקייט״? . . . (איך האָב שוין גע־וואוסט, אַז ער איז אַ יידישער יונגערמאַן). וואָס האָט ער דען געוואוסט פון יידישקייט? . . . זיין טאַטע (כ׳האָב אים איינמאָל געזען) איז אויך געווען אַן „אַמעריקאַנער״, און ער האָט ניט געקענט קיין איין וואָרט יידיש.

— — — עס זיינען פאַרגאַנגען געוואָרן צוויי מאָנאַטען. איך האָב אין דעם „באַרבער־שאַפּ״ פאַרדינט גאָר גוט (כאָטש איך בין געשטאַנען לעבן זעקסטן שטול, דאָך האָב איך פאַרדינט אַ סך מער ווי יעדער איינער פון די פינף). און זיי האָבן מיך באַטראַכט אַלס „זייערן אַ קאָנקורענט״, ווייל אַ סך פון ״זיי־ערע בעסטע קאַסטימערס״ זיינען איבערגעגאַנגען צו מיר . . .

האָבן זיי שוין גענומען טראַכטן: ״ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון דעם איד?״ . . . זיי האָבן מיך אין זייער „חברותה״ ניט אַריינגענומען. שטומערהייט האָבן זיי מיר אַרויסגעוויזן וואָס זיי טראַכטן פון מיר״. איך האָב דאָס באַ־טראַכט אַלס „עקאָנאָמישער אַנטעסימיטיזם״, און איך האָב זיי פאַרגונען דעם פאַרגעניגן . . .

אָבער אויף אַלעם קומט אַ צייט. מיין שכן, לעבן פינפטן שטול, האָט ניט פאַרמאָגט דעם געדולד אויסצואוואַרטן ביז „איך וועל אַליין אַוועק״. ער האָט געוואָלט ברענגען דעם „קץ״ וואָס שנעלער. און ער האָט מיט זיין אייגענעם שׂכל זיך דערטראַכט צו אַ „מיטל״ וואָס וועט אים צוהעלפן.

אין יענעם חודש, ווען דאָס האָט פּאַסירט, איז די קאַליפאָרניער זון געוואָרן ״ברוגז״ אויף אַ שטיקל צייט, און זי האָט ערגעץ זיך „באַהאַלטן״. איך האָב זי ניט געקענט „בליימען״, ס׳האָט אינדרויסן גערעגנט, האָט זי דאָך „געמוזט ערגעץ זיך באַהאַלטן״ . . . . איך האָב זיך אויך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון רעגן. דערפאַר האָב איך אַכטונג געגעבן אַז די אונטערשטע טיר, אַוואו איך בין געשטאַנען, ניט ווייט, זאָל זיין אַ צוגעמאַכטע. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ „צוג־ווינט״.

אָט די דאָזיקע שוואַכקייט מיינע האָט מיין שכן גיך „אַנטדעקט״ . . . און ער האָט שוין אַכטונג געגעבן אַז די טיר זאָל דוקא זיין אַן אָפענע . . . איך האָב זי צוגעמאַכט, און ער האָט זי אויפגעעפנט . . .

אָט אַזאַ „קאַץ־און־מויז״־שפּיל איז צווישן אונז עטלעכע טעג אָנגעגאַנ־גען . . . ס׳איז אפילו געקומען אין מיין געדאַנק, אַז איך זאָל רעדן וועגן דעם מיטן באַלעבאָס. נאָר איך האָב דעם געדאַנק פאַרטריבן: פאַר וועמען וועל איך זיך דאָ באַקלאָגן? אַז ער אַליין איז דאָך אויך אַ „יידישער אַנטיסעמיט״! . . . וואָס פאַר אַ צובונד האָט ער צו מיר, אַז ער זאָל זיך שטעלן אויף מיין זייט? . . .

ער איז דאָך מער גוי ווי ייד — האָב איך זיך אַליין פאַרענטפערט, פאַר מיין ניט גיין צו אים.

אָבער, דער "בלאָטער" האָט דאָך געמוזט אַמאָל פּלאַצן . . . און צו דעם איז עס געקומען, דווקא אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן, ווען אין "שאָפּ" זיינען אַ צענדליק מענטשן געזעסן, וואַרטנדיק פאַר זייער ריי, צו זעצן זיך אין באַרבערס שטול . . .

יענעם פרימאָרגן האָט אינדרויסן גערעגנט, אַזאַ ווינטיק רעגנדל, און עס האָט זיך קיינעם ניט געגלוסט שטיין אונטער דעם . . . אפילו ניט לעבן אַן אָפענער טיר: האָב איך די טיר צוגעמאַכט. און מיין "שכן" (לעבן פינפטן שטול) האָט זי באַלד צוריק אויפגעעפענט. בין איך געגאַנגען און כ'האָב די טיר ווידער צוגעמאַכט. דאַן האָט מיין "שכן" צו מיר אַ זאָג געטאָן:

"יו דורטי דזשו! יו בעטער ליוו די דאָר אָפּען! . . . " (דו שמוציקער ייד, דו לאָז בעסער די טיר אָפן!)

אָט דאַן האָט דער "בלאָטער געפּלאַצט" . . .

איך האָב גלייך אויסגעטאָן מיין ווייס רעקל, איינגעפּאַקט מיינע געצייג (טולס), און איך בין געגאַנגען צום באַלעבאָס בעטן מיין געלט פאַר דער פאַרגאַנגענער וואָך.

ווען דער יונגערמאַן (באַלעבאָס) מיטן ציגאַר אין מויל האָט דערהערט וואָס איך פאַרלאַנג פון אים, בפרט נאָך אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן, איז ער געוואָרן גוואַלדיק איבעראַשט:

— "וואָט דו יו מין יו קוויט די דזשאָב? וואיי? דאָנט יו מייק ענאַף מאָני?" (פאַרוואָס דו פאַרדינסט ניט גענוג?) — האָט ער אויף גיך גערעדט מיט אַ צעטראָגנקייט.

— "ניט דערפאַר גיי איך אַוועק" — האָב איך אים געענטפערט, און כ'האָב ניט געהאַט קיין חשק צו זאָגן אים דעם אמת.

ער איז אָבער צוגעשטאַנען. און איך האָב אים געזאָגט, אַז "אין דיין באַרבער־שאַפּ וויל מען מיך ניט האָבן, ווייל איך בין אַ שמוציקער ייד" . . .

— וואָט!!?" — האָט ער אַזש אַ געשריי געטאָן, ווי מען וואָלט אים אַ שטאָך געטאָן מיט אַ שפּיז. — "הו סעד דעט?" — האָט ער ביי מיר גע־פרעגט. און איך האָב אים ניט געוואָלט זאָגן ווער. האָט ער איבערגעלאָזן דאָס ווייב לעבן ציגאַר־סטענד, און ער איז אַריינגעלאָפן אין שאַפּ אריין. — (פאַר דזשאָסט עי מיניט! — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו אַלעמען אין שאַפּ — "איי וואָנט טו נאו האו קאָלד דעט מען "דורטי דזשו?" (איך וויל וויסן ווער ס'האָט גערופן דעם מאַן שמוציקער ייד?)

זיינע ווערטער האָבן אויפגעריסן דעם שאַפּ ווי אַ באָמבע, נאָר קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער האָט געפרעגט אַ צווייטן מאָל, און געזאָגט: "איי

נעווער עקספּעקטעד, דאַט אָל אוו יו אַר קאוואַרדס! )איך האָב קיינמאָל ניט דערוואַרט אַז אַלע זייט איר טרוסן!) . . .

ערשט דאַן האָט זיך מיין „שכן" אָנגערופן: — „איי סעד איט! . . ." (איך האָב געזאָגט). דער יונגערמאַן האָט אַריינגעכאַפּט זיין ציגאַר אין מויל אַריין, געטאָן אַ פּאַר ציי, און ער איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום באַרבער . . . ער האָט פון באַרבערס הענט אַוועקגענומען דאָס שערל מיטן קעמל, און מיט איינגעהאַלטענעם כעס, האָט ער צו אים אַ זאָג געטאָן: — „דיז באַרבער שאַפּ איז פאַר פּיפּל אָנלי, באָט נאַט פאַר דאָגס! . . . יו געט אַוט אף דיס באַרבער שאַפּ!" (דער באַרבער שאַפּ איז נאַר פאַר מענטשן, אָבער ניט פאַר קיין הינט. גיי אַרויס פונדאַנען!)

אין בארבער שאַפּ איז געוואָרן שטיל. ס'האָט קיינער אַ וואָרט ניט אויסגערעדט: ניט די באַרבערס, און ניט די „קאָסטימערס".

און דער יונגער באַלעבאָס פונם „שאָפּ" האָט ווייטער געפרעגט:

— „נאַו! האַו עלס איז רעדי טו ליוו דיס באַרבער שאַפּ? לעט הים ספּיק נאַו!" (ווער נאָך איז גרייט צו פאַרלאָזן דעם שאַפּ? זאָל ער זאָגן איצט!)

די באַרבערס האָבן געשוויגן.

צום סוף האָט דער „יידישער אַנטיסעמיט" אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— „נאַו, וואוד יו קאָנסידער טו גאָו בעק טו יור טשער? איי מין טו די פיפט טשער!?" (איצט, וואָלסט זיך באַרעכנט צו גיין צוריק צו דיין טשער? איך מיין צו דער פינפטער טשער!?)

זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט מיינע, און ער האָט, דאָס ערשטע מאָל, צו מיר אַ שמייכל געטאָן . . .

די „גויאישע קאָסטימערס" אין באַרבער־שאַפּ האָבן אַלע אויף מיר געקוקט מיט פריינטלעכע בליקן.

נאָר די פיר באַרבערס האָבן צו מיר ניט געקוקט . . .



# מענטשן אין אַמאָליקן דוואַרטי סאַניטאַריום

די לופט אינדרויסן איז אַ וואַרעמע, אָנגעזאַפּט מיט דעם געשמאַקן ריח פון בלומען און אָראַנזשן.. אַ לאַשטשענדיק ווינטל יאָגט זיך אַרונטער פון די הויכע בערג. און אויף אַ לייוונטן שטול ליגט אויסגעצויגן אַ יונגערמאַן, אַ פאַרטראַכטער, זיינע אויגן האָבן זיך ערגעץ ווייט פאַרקוקט.

נאָר מיטאַמאָל טוט ער זיך אַ כאַפּ צו זיין קעשענע, און ער נעמט פון איר אַרויס אַ קליינע פאָטאָגראַפיע. ער קוקט זייער לאַנג אויף דער קליינער גרופּע: זיין פרוי מיט צוויי קינדער. און טרערן שטעלן זיך אין זיינע אויגן . . . זיין געדאַנק פאַרטראָגט אים צו זיי, ער „רעדט" מיט זיי, ער טרייסט זיי — און „פאַרזיכערט" זיי, אַז אינגיכן וועט ער צו זיי צוריקקומען . . . מיטאַמאָל טוט אים ווידער אַ באַפאַל דער הוסט . . . זיין שכן, וואָס וואוינט מיט אים אין זעלבן קאָטעדזש, העלפט אים ער זאָל זיך גיין לייגן צוריק אין בעט אַריין . . .

— — —

אין אַ צווייטן „קאָטעדזש", אויף אַ בעט באַצויגן מיט ווייסע ליילעכער, ליגט אַ יונגע פרוי; איר שיינער פנים איז שוין אָפּגעצערט און בלאַס . . . זי האָט ליב אַ סך צו לייענען. נאָר פון צייט צו צייט, טוט זי זיך אַ צעהוסט . . . און ס'איז איר שווער דעם אָטעם „אָפּצוכאַפּן" . . .

זי האָט דריי הונדערט טעג שוין „אָפּגעציילט", זינט זי איז אַריין אין דעם סאַנאַטאָריום . . . דורך דער וואָך קומען צו איר אירע פריינט און באַ־קאַנטע. נאָר אין דעם איינציקן טאָג, שבת, קומט צו איר איר מאַן. זי קען מיט אים קיין סך נישט רעדן . . . זי וואָלט אָבער וועלן הערן פון אים, ער זאָל איר דערציילן: וואָס טוט ער די גאַנצע וואָך? מיט וועמען „פאַרברענגט" ער זיינע פרייע שטונדן . . . צי בענקט ער נאָך איר . . .

אוודאי דערציילט ער איר אַלץ . . . און ער פאַרזיכערט איר אַז ער וואַרט שוין פאַר דער גליקלעכער מינוט, ווען זי וועט צו אים צוריקקומען . . .

נאָר ווען ער גייט אַוועק פון איר, ליגט זי און טראַכט:

„איז ער נאָך אַלץ אין איר פאַרליבט . . . אָדער . . . קומט ער אַהער ווייל ער האָט אויף איר רחמנות? . . . "

— — —

דער אָ איז אַ מיטליאָריקער מאַן. ער איז אַ הויכער, אַ דיקער, מיט רויטלעכע באַקן און פאַרמאָגט אַ הויכן שטערן. מען קען נישט זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַ „קאָטאָטניק" (קאָנסאָמשעניק), ווייל ער דאַרף אין בעט ניט ליגן. דאָקטוירים הייסן אים ער זאָל בעסער ארומגיין אויף דער פרישער לופט.

ער איז אָבער אַ שטאַרק אומגעדולדיקער מענטש. ס'איז אים שווער אויף איין אָרט צום זיצן, ליגן, אָדער שטיין. ער האַלט אין איין אַרומגיין.

אָבער מערסטנס האָט ער ליב אַוועקצוגיין פון אַלעמען: ער לאָזט זיך גיין אויף אַן איינזאַמען וועג, אַרום דעם סאַנאַטאָריום, וואו עס גייט קיינער ניט. ווען ער איז שוין פאַרמאַטערט פון גיין, זעצט ער זיך צו אַויף אַ גרויסן שטיין, ער אָטעמט זיך אויס . . . זיפצט זיך אויס . . . און „צו זיך" אַליין האָט ער טענות:

— „ווי אַזוי איז ער צו דעם גאָר געקומען? . . . ער איז דאָך אַלע זיינע יאָרן געווען אַ שטאַרקער . . . און קיין זאַך האָט אים ניט וויי געטאָן! . . . אָ, גאָט! פאַרוואָס איז דאָס צו אים געקומען!?"

קיינער ענטפערט אים נישט . . . נאָר די שטילע הויכע בערג הערן זיך צו צו אים, און זיי שוויגן . . .

— — —

און די אָ איז אַ יונג מיידל. זי איז אין אַמעריקע ניט לאַנג. געקומען איז זי צו אירער אַ מומען. די מומע האָט זי „אַריבערגעברענגט" פון דער אַלטער היים און געהאַלטן זי אַלס אַן „אַרויסהעלפערין" . . . אין דער שטוב אַרבעט . . .

נאָר אָט האָט זי זיך דערוואוסט . . . אַז זי איז קראַנק; און די מומע האָט זי אויף גיך, פון איר רייכער שטוב, אַרויסגעשיקט — אין סאַנאַטאָריום אַריין . . .

ס'איז צו איר געשען אַ „גליק" וואָס זי באַדאַרף נישט ליגן דעם גאַנצן טאָג אין בעט. זי מעג אומגיין אויף דער פרישער לופט.

דערפאַר מאַכט זי זיך נוציק צו די איבריקע קראַנקע: ווען יענע בייטיקן זיך אין עפּעס, און אַליין גייען זיי ניט אַרום, העלפט זי זיי אַרויס.

צו דעם, איז זי נאָך געוואָרן די ביבליאָטעקערין: זי טיילט אַרויס ביכער צו די קראַנקע, ווען זיי פאַרלאַנגען 'עס.

שלעכט איז פאַר איר נאָר די נעכט; ווען זי קען ניט שלאָפן, ליגט זי און טראַכט פון איר מאַמען „אין דער אַלטער היים", אָבער זי קען ניט באַ־שטימען וואָס זי זאָל צו איר שרייבן — זאָל זי שרייבן איר אַז זי ליגט אין אַ סאַנאַטאָריע? . . .

— — —

אויף צוויי וויגשטולן, אין אַ קילן שאָטן, אונטער אַ באַבלעטערטן בוים, זיצן צוויי יונגע בחורים, איינגעוויקלטע אין לייכטע כאַלאַטן, און זיי האָבן צווישן זיך אַ „הייסן וויכוח" —

איינער איז אַ דאַרער מיט אַ שפּיציקער גאָמבע. זיין פּנים איז באַוואַקסן מיט בלאָנדע הערעלעך, זיינע אויגן וואָסערדיק — גלייך ער וויינט . . .

און דער צווייטער בחור איז אַ פעטינקער: זיינע באַקן קוקן אויס ווי אָפּ־געפאַרבטע. ער איז תמיד פריילעך. ער זאָגט חכמהלעך, ער לאַכט אָפּ אפילו פון זיך אַליין. אָבער גאַנץ אָפט גיט ער אַ „פעטן קיבעץ" צו זיין שכן, און יענער קען דאָס נישט פאַרטראָגן. ווערט יענער אויף אים בייז . . . און „וואַרפט

אים אויף״ אַז ער איז אַן „אומזיסטער פּרעסער״ אין דעם סאַנאַטאָריום. ער זאָגט צו אים — „ווערדליך דו האַלטסט זיך אין איין חכמהנען, באַדאַרפסטו נישט זיין דאָ! . . . ״

דער פּעטינקער הערט אים אויס מיט אַ פאַרשטיקט געלעכטערל, און ער טוט יענעם אַ פרעג: — „אויב אַזוי, טאָ זאָג מיר, גוטער ברודער, פאַרוואָס מיינסטו אַז דו דאַרפסט יאָ זיין דאָ? . . . מיט וואָס ביסטו עס דאָ אַ גרעסערער יחסן פון מיר? אָט, אַז דו ווילסט טו נאָר אַ פרעג ווען דו ווילסט, וועט מען דיר זאָגן אַז איך בין דאָ מער „מיוחס״ פון דיר. אָט פרעג, וועסטו הערן! —

— „צו וואָס זאָל איך גיין ביי אַנדערע פרעגן, אַמער זאָג מיר דו, פאַר־וואָס דו ביסט דאָ אַזאַ גרויסער יחסן!? — האָט דער דאַרער בחור אַ צעפּאַבּע געטאָן זיינעביידע הענט אין דער לופטן, גלייך ער איז גרייט אָוועקצופליען . . .

אויף דעם גיט אים דער פּעטינקער בחור זיין ענטפער:

— יאָ! כ׳קען עס דיר זאָגן! — ערשטענס, האָב איך שוין געהאַט אַ סך מער „העמריטשעס״ (בלוט־שטורצן) . . . צווייטנס, איז ביי מיר אַ העכערע טעמפּעראַטור פון דיינער . . . דריטנס, איז מיין הוסט אַ שטאַרקערער פון דיינעם!״ — און ער האָט זיך באַלד צעהוסט מיט אַ כאָרכלדיק געלעכטערל . . .

דער דאַרער בחור בלייבט זיצן אַ ווײַלע שטיל . . . דערנאָך גיט ער ווידער אַ צעפּאָכע מיט זיינע הענט, און מיט אַ הייזעריק קול שרייט ער אויף אים אָן:

— „און דיר ליגט נאָך אינזינען צו שפּאַסן, האַ!?״ . . .

דער פּעטינקער ענטפערט אים אָפּ:

— „בויעלע! וואָס דען זאָל איך טאָן? זיצן און וויינען? . . . פאַרוואָס ניט בעסער לאַכן!?״ —

— — —

פון דעסטוועגן, ווען ס׳קומט צו מיטאָג, און דער גלאָק צעקלינגט זיך, פאַרלאָזן די קראַנקע זייערע בעטן (די וואָס קענען) און גייען אַלע צוזאַמען אין עס־צימער אַריין. אַ סך פון זיי קוקן אַפילו ניט אויס צו זיין קיין פּאַציענטן אין סאַנאַטאָריום, נאָר ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין אַ פאַרגעניגנס־פּלאַץ אויף דאַטשע . . .

(געשריבן אין יאָר 1925)



# רבי, זיי האָבן מיך געשלאָגן

אין חדר, ווען כ׳האָב נאָך געלערנט, איז געווען אַ יינגל מיטן נאָמען ישראליק.

ישראליק איז ניט געווען קיין שוואַך קינד, חלילה, און דאָך האָבן זיך די יינגלעך איבער אים איזדעקעוועט.

פיינט געהאַט האָבן זיי ישראליקן פאַר זיין גוטן קאָפּ וואָס ער האָט פאַר־מאָגט, ס׳האָט ישראליקן קיין גאַנצע צוויי טעג ניט גענומען, און שוין האָט ער געקאָנט, כמעט אויף אויסנווייניק, די גאַנצע סדרה.

און טאָמער איז דאָס ווינציק געווען, פלעגט ער נאָך זיין דער בעסטער „סוחר״ פון גאַנצן חדר — אַלע קנעפּלעך פון די יינגלעך פלעגט ער אָפּגעווינען. האָבן די יינגלעך, די נישט פאַרגינערס, דערפאַר אים שטאַרק פיינט געהאַט, און האָבן תמיד געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט אים. איז נאָך יעדן סטוסאַק, וואָס ער, ישראליק, פלעגט פון זיי באַקומען, פלעגט ער מיט אַ געוואַלט אויסשרייען:

— רבי! ער שלאָגט זיך!

דער רבי האָט אָבער קיינמאָל יענעם „שקאָץ׳ האַרב נישט באַשטראָפט. ער פלעגט אָנסטראַשען און אים פאַרזאָגט, אַז אַ צווייטן מאָל זאָל ער דאָס ניט טאָן.

דאָס שקאָצישע יינגל האָט טאַקע דעם רבין געפאָלגט, אָבער בלויז אויף דער אָפּגעקילטער מינוט. נאָר שפּעטער האָט זיך ווידער איבערגעחזרט דאָס זעלביקע, און ישראליק האָט ווידער געשריגן — „רבי, ער שלאָגט זיך!״

שבת בייטאָג, נאָכן געשמאַק־ביסל שלאָף, איז דער רבי געקומען צו ישראליקן אַהיים אים „פאַרהערן״ פאַר זיין טאַטן. נאָך „כיבוד״, פרעגט ישראליקס טאַטע ביים רבין:

— זאָגט מיר, ר׳ נפתלי! איר זענט דאָך עפּעס אַ ייד אַ בר־דעת . . . טאָ ווי שיקט זיך עס, וואָס איר דערלאָזט חברה שקאָצים, אַז זיי זאָלן רק ממיתן מיין ישראליקן?

— גערעכט . . . טאַקע גערעכט! . . . נאָר זאָגט־זשע מיר ר׳ איש: איז אייער ישראליקל חלילה־וחס טאַקע אַזאַ שוואַך קינד, וואָס איז ניט בכוח אָפּ־צוענטפערן ווי אין פּסוק שטייט — אל תהי צדיק הרבה . . . (זיי ניט צופיל קיין צדיק) ווען מ׳באַפאַלט אים? — זעט איר, ר׳ איש — בייגט זיך דער רבי צו נענטער אַ ביסעלע און זאָגט — ווען אייער ישראליקל וועט די שקאָצים אָפּענטפערן צוריק, מיט קלעפּ, פאַרזיכער איך אייך בהן שלי . . . אַז זיי וועלן

זיך צו אים מער ניט טשעפּען, און ס׳וועט זיין ווי אין תלמוד שטייט: ״הבל מפּיק הבל״ (היץ טרייבט אַרויס היץ) — איר פאַרשטייט, צי ניין? . . .

דאָס דאָזיקע מעשהלע פּאַסט זיך זייער גוט צו אויף היינט: ווארים עס גייט אַ טאָג ניט אַוועק, אַז ישראליק זאָל דאָ ניט ווידערהאָלן זיין געשריי — רבי . . . ער שלאָגט זיך שוין ווידער! . . .

מילא, דאָרטן וואו די אייגענע האַנט קען ניט דערגרייכן, ווייל מען פאַר־מאָגט ניט קיין אייגענע, תּכסי׳סי מלחמה . . . איז כאָטש דאָ די פּאַרענטפערונג פאַר זיך אַליין: ווי זאָגט מען — ״אין הקומץ משביע את הארי״ (אַ הייפל קען ניט זאַט מאַכן דעם לייב).

אָבער, אַז די ״נאַציס״ טוען אָפּ כל־ערליי זאַכן אונטער ישראליקס נאָז, ווען זיי פירן אָן די העסלעכסטע פּראָפּאַגאַנדע, ווען זיי האַלטן אין איין פאַר־מערן זייערע ״קעמפּס״, יעדן טאָג שפּראָצט אויף ביי זיי אַ ניי ״בלעטל״ וואָס פאַר׳סמ׳ט די לופט אַרום, ווען זיי פאַרשפּרייטן זייער ״סחורה״ פראַנק און פריי אפילו אין ישראליקס אייגענער שכונה, קומט ישראליק נאָך אַלץ אָפּ מיטן זעלביקן געשריי — רבי (אַנקל סעם) זע, זע . . .

צי באַשטייט טאַקע דאָס ייִדישע פאָלק דאָ אין לאַנד בלויז פון אַלטע, מיט געליימטע הענט, וואָס קענען זיך מיט זיי קיין ריר ניט טאָן? וואו איז די יוגנט? פאַרוואָס גרייט מען זיי ניט צו, אויב די בייזע שעה וועט חלילה קומען, און די באַקיטלטע מיט סוואַסטיקעס אויף די אַרבל, וועלן פּרובירן אַ צעפּיר־טאָן זייערע הענט עס זאָל אונדזער יוגנט ניט דאַרפן שרייען, ״רבי ער שלאָגט זיך!״

ביז דעם היינטיקן טאָג האָט נאָך דאָס ייִדנטום אין אַמעריקע ניט קיין אייגענע גרויסע און איינפלוסרייכע ענגלישע ציטונג, וואָס זאָל פאַר אונדזערט־וועגן יעדן טאָג שאַלן דעם אמת וועגן די פאַרמאַסקירטע מנוולים, סיי צו אונדזער אייגענער יוגנט, און סיי צו דער יוגנט פון אַמעריקע, וועלכע די נאַציס טוען אַלץ כדי אָפּצופרעמדן זיי איינעם פון אַנדערן . . .

יעדער טאָג באַריכטעט וועגן נייע ״געצן״ וואָס יענע פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד, און וואָס זיי טוען, און וואָס יענע גרייטן זיך צו טאָן — טאָ וואָס האָט מען ביי אונדז ביז אַהער שוין אויפגעטאָן? גאָרניט! מיר האַלטן נאָך אַלץ אין איין ״פאַרצייכענען״ וואָס יענע האָבן געטאָן, און אַליין ווידערהאָלן מיר נאָך אַלץ דעם אַלטן געשריי:

— רבי . . . ער גרייט זיך דאָך טאַקע צום שלאָגן! . . .

(געווען געדרוקט אין יאָר 1937)

# קינדער

דער „פרויען־לייען־קרייז" האָט שוין געהאַט די „זיצונג געשלאָסן", נאָר די חברות האָבן זיך ניט געאײַלט צו פאַרלאָזן דעם „געדעקטן טיש". זיי האָבן געוואַרט אויף דער חברה קליין, די באַלעבאָסטע פון דער שטוב, וואָס איז געגאַנגען אין דער קיך אַריין, ברענגען „די טיי צום טרינקען".

דערווייל זיצנדיק אַרום דעם טיש, האָט איינע אַ חברה אַרויפגעפירט אויף אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך: די אַקטועלע פראַגע — „צי זאָל מען באַשטראָפן אַ קינד דורך ווייטאָגדיקע מיטלען?" . . .

חברה לעווינסאָן, אַ דיקלעכע פרוי מיט אַ קאָפּ שיין־געקרויזטע האָר, האָט גלייך אַרויסגעזאָגט איר מיינונג:

— צו אַ קינד, וועלכעס וויל ניט פאָלגן ווען מ'הייסט עס טאָן עפּעס, מעג מען באַנוצן (ווי אונדזערע עלטערן האָבן געטאָן) אפילו די „רוט" . . .

חברה מיטעלמאַן, אַ יונגע מוטער, מיט אַ געשוירענעם קאָפּ האָר, האָט אַרויסגעזאָגט איר מיינונג:

— ווען אַ קינד וויל ניט פאָלגן, דאַרפן די עלטערן אַפריער זיך באַמיען צו וועלן פארשטיין דעם קינד. דאָס קינד מוז דאָך אַמאָל האָבן אַן אורזאַך פאַר ניט וועלן טאָן וואָס מען הייסט אים. די עלטערן דאַרפן פריער רעדן צום קינד מיט גוטן, און אויסהערן פאַרוואָס עס וויל ניט פאָלגן?

און חברה סיגעל, אַ מיטליעריקע פרוי מיט ברילן אויף דער נאָז, האָט אויסגעשטעלט איר האַנט אין דער הייך, גלייך ווי ביי אַ „רעגעלן מיטינג"; זי האָט אויך געוואָלט אַרויסזאָגן אַ מיינונג. דערווייל איז אַריינגעקומען (פון קיך) חברה קליין מיט אַ טאַץ זיסע נאַשערייען. זי האָט אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויפן טיש, און געבעטן די חברות, זיי זאָלן „אָפּלייגן די דעבאַטע ביז נאָכן אָפּטרינקען די טיי".

חברה קליין, אַ קורצע, מיט אַ דינעם שמייכל אויף איר אויסדרוקספולן פּנים, איז פאַררעכנט ביים לייען־קרייז אַלס די חשובסטע מיטגלידערין, ווייל זי איז יידיש „געזאָגען" און איז באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור; זי קען גוט פאָרלייענען פון אַ בוך אַרויס, און ווען זי „נעמט אַ וואָרט אין דער פראַגע", רעדט זי זי אַרום, אַז יעדערער קען זי פאַרשטיין. דערפאַר טאַקע זיינען אירע חברות צוגעשטאַנען צו איר, אַז זי זאָל זיך אַרויסזאָגן וועגן דער אַוועקגעשטעלטער פראַגע.

חברה קליין האָט אפילו זיך געלאָזט לאַנג בעטן, אָבער זי האָט ענדלעך זיך אונטערגעגעבן: זי האָט „גענומען אַ וואָרט אין דער געשטעלטער פראַגע".

חברה קליין איז געבליבן (אַ ווײַלע) זיצן שטיל. עס איז געוואָרן אויף איר קענטיק, אַז זי נעמט זיך אין עפּעס דערמאָנען . . .

דערנאָך האָט זי מיט איר לויטערן בליק אָבסערווירט אַרום דעם טיש אַלע אירע חברות, און זי האָט זיך צערעדט מיט איר שטילן קול:

— אפשר ווייסט ווער פון אײַך, אַז איך האָב קיינמאָל ניט גערעדט וועגן מײַנע קינדער, וועגן זייערע יוגנטלעכע יאָרן. נאָר איצט, ווען איר פאַרלאַנגט פון מיר איך זאָל „נעמען אַ וואָרט אין דער פראַגע", וויל איך אײַך עפּעס דער־ציילן: אַ פּאַסירונג וואָס איז אמאָל געשען מיט אונדזער זון דוד.

מײַן זון דוד איז דאָך הײַנט שוין אַליין אַ טאַטע פון עטלעכע קינדער. אָבער וואָס איך וועל דערציילן וועגן אים, האָט עס פּאַסירט ווען ער איז געווען עלף יאָר אַלט.

אַזוי ווי אַלע ייִנגלעך פון זײַן עלטער, איז ער אויך געווען אַ גרויסער שטיפער. און ער איז "שטענדיק" געווען פאַרנומען לעבן זײַנע חברים אין גאַס. ער האָט גאָר קיין צײַט ניט געהאַט פאַר מײַנעטוועגן, ווען איך פלעג אים הייסן טאָן אַ לויף אין דער נאָענטער גראָסערי עפּעס אײַנקויפן פאַר מיר. און דער־מיט האָט ער מיר אַ סך ערגערניש פאַרשאַפט. אָבער וועגן דעם האָב איך ניט געטאָרט דערציילן דעם פאָטער זײַנעם, ווײַל „אַ פאָטער איז ניט קיין מוטער" . . . ער פאַרמאָגט ניט דער מוטערס געדולד, וואָס עס פאָדערט זיך צו אַ צעלאָזן ייִנגל. ער וועט זיך ניט אַוועקשטעלן אויסטענהן מיטן ייִנגל, אויפקלערן אים אַז ער דאַרף פאָלגן ווען מ'הייסט אים טאָן עפּעס. ער וועט באַלד זיך צעשרייען אויף אים און וועט פאַרענדיקן מיט אַ קלאַפּ . . .

האָב איך פאַר אים ניט דערציילט וויפל איך שטיי אויס פונם ייִנגל.

אָבער ס'איז אונטערגעקומען אַ צײַט ווען איך בין פלוצים געוואָרן קראַנק, און אַרײַנגעלייגט זיך אין בעט . . . האָב איך שוין געמוזט אָנקומען צו מײַנע צוויי ייִנגלעך (דודל איז געווען דער עלטערער), זיי זאָלן פאַר מײַנעטוועגן גיין אײַנקויפן. אָבער ניט אַלעמאָל האָט דודל זיך צוגעהערט צו מײַן געבעט . . .

ווען ער איז געוואָרן פרײַ פון דער „סקול" און אַרײַנגעקומען אין שטוב, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיקל ברויט, צי עפּעס אַנדערש, וואָס איז געווען אין שטוב, און איז באַלד צוריק אַרויסגעלאָפן צו זײַנע חברים אינדרויסן.

האָט איינמאָל פּאַסירט ווען מײַן מאַן האָט פונם פּלאַץ וואו ער האָט גע־אַרבעט טעלעפאָנירט, אַז ער וועט הײַנט אַהיימקומען אַ ביסל פריער ווי יעדן טאָג. אין שטוב איז גראָד ניט געווען קיין זאַך. איז, ווען ער, דודל, איז אַהיים־געקומען פון „סקול", האָב איך אים געבעטן ער זאָל גיין אין דער גראָסערי עפּעס קויפן. האָט ער ניט געוואָלט גיין. ער האָט זיך אפילו ניט צוגעהערט וואָס איך רעד צו אים. ער האָט זיך מיט עפּעס פאַרשפּילט און ניט געוואָלט גיין. „זאָל גיין סעמעלע", האָט ער געזאָגט.

דערווייל איז שוין מיין מאַן אַהיימגעקומען פון זיין אַרבעט. איך האָב שוין געמוזט דערציילן אים ווי שלעכט אונדזער זון דודל איז געוואָרן.

איך האָב געמיינט אַז דודל וועט דערזען דעם פּאָטער וועט ער ווערן בעסער. ער וועט גלייך טאָן וואָס איך הייס אים. אָבער דאָס איז ניט געשען. אפילו ניט ווען זיין פּאָטער האָט אים געהייסן. האָט דאָס דעם פּאָטער פאַר־דראָסן למאי דאָס יינגל וויל אים ניט פאָלגן. האָט ער זיך געכאַפּט און אָפּ־געשפּיליעט דעם פּאַסיק, אָנצוסטראַשען דאָס יינגל און אפילו געבן אים מיטן פּאַסיק אַ פּאָר שמיצלעך . . .

אָבער דודל האָט זיך ניט דערשראָקן . . . ער האָט זיך גאָר אויפן פּאָטער צעשריגן:

— אַי וואָנט גאָו! (כ׳וועל ניט גיין) . . . — און דערביי האָט ער נאָך אויסגעשטעלט זיין קליינע האַנט און געוואָלט דעם פּאַסיק אַרויסרייסן פונם פּאָטערס האַנט אַרויס . . . — יו שודנ׳ט היט מי! (זאָלסט מיך ניט שלאָגן) — האָט ער צום פּאָטער געשריגן.

דאָס אָ דערזעענדיק, איז מיין מאַן שטיין געבליבן ווי אָ דערשראָקענער פאַר עפּעס. איך האָב אַליין אויך באַהאַלטן מיין פּנים אין קישן . . . און שטאַרק געוויינט. איך האָב אַזאַ זאַך נאָך קיינמאָל ניט געזען מיט מיינע אויגן: אַ יינגל, ווי קליין ער איז נאָך, זאָל ער זיך דערוועגן אַנטקעגן צו שטעלן דעם פּאָטער מיט אַזאַ העזה! — איך האָב געטראַכט: גוואַלד געשריגן . . . וואו, און פון וועמען האָט זיך דאָס יינגל אַזעלכעס אָפּגעלערנט? . . . מיט וואָס פאַר אַ חוצפּה ער האָט דאָס גענומען אַרויסרייסן דעם פּאַסיק פון טאַטנס האַנט! . . . ווי קען מען אים איצט לאָזן אומבאַשטראָפט? . . . און מיין מאַן האָט אויך געטראַכט דאָס זעלביקע. ער האָט באַשלאָסן: „ווייטער טאָר דאָס נישט גיין! . . .״

ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צום יינגל. ער האָט גענומען אים קאַטעוועןמיטן פּאַסיק, אַוואו נאָר ער האָט געגרייכט מיט אים . . . און די געשרייען פון דודלען האָבן געלעכערט מיין האַרץ . . . איך האָב זיך איבערגעדעקט צו דערשטיקן די קולות וואָס האָבן מיינע אויערן פאַרקלונגען! . . .

ביז ס׳איז געוואָרן שטיל . . . דאַן האָב איך אַרויסגעשטעלט מיין קאָפּ פון אונטערן צודעק, און דערזען ווי מיין מאַן האָט פאַרוואָרפן דעם פּאַסיק, און דודל איז אַ צעממיתטער אויף גיך געלאָפן אין באָד־צימער אַריין און ער האָט דאָרטן פאַרקייטלט די טיר.

און מיין מאַנס פּנים איז געוואָרן ווייס . . . ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפקע און ער האָט שווער געאָטעמט, ערשט דאַן האָט זיך פון מיין האַרץ אַ ריס געטאָן אַ שלוכצענדיקער געוויין אָן אַן אָפּשטעל . . .

„עס איז אַזוי פאַרגאַנגען אַ היפּשע צייט אין שטילקייט . . . דאָס יינגל איז פון דאָרטן נישט אַרויסגעקומען. מיר זיינען ביידע געוואָרן אומרויִק: ווער ווייסט וואָס דער יינגל האָט שוין דאָרטן געקענט צו זיך אָפּטאָן״ — האָבן

מיר אַן ווערטער געטראַכט. מיין מאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון דער סאָפּקע און איז געגאַנגען צו דער טיר: נאָך אַ שטאַרקן שטויס האָט זיך די טיר אויפגעעפנט: דודל איז געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער אויפן קליינעם שטיקל קאַרפּעט אַן איינגעשלאָפענער . . .

זיין פאָטער האָט אים אויפגעהויבן פון דיל, און אויף זיינע הענט אים אַריבערגעטראָגן צום געלעגער, וואו זיין קלענערער ברודערל איז געלעגן און שטיל געוויינט.

דערנאָך איז אויף אונדז ביידן אָנגעפאַלן אַ געדריקטע שטימונג: ער, מיין מאַן, האָט ניט געקענט געפינען פאַר זיך קיין אָרט אין שטוב. איז ער צו מיר צוגעקומען און ווי שטומערהייט געקוקט אויף מיר. אונדזערע הערצער האָט דער זעלביקער ווייטאָג געטאָטשעט . . . און שטיל געוויינט.

— — — אינדרויסן איז געוואָרן נאַכט. מיין מאַן האָט געמאַכט ליכטיק אין שטוב און ער האָט צוגעגרייט עפּעס וואַרעמעס. דודל איז כסדר געשלאָפן.

ערשט אינדערפרי איז ער אויפגעשטאַנען און איז צוגקומען צו מיר ווי קיין זאַך וואָלט ניט האָבן פּאַסירט. דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, צי זיין פאָטער איז שוין אַוועקגעגאַנגען צו זיין אַרבעט. ער איז ווידער צוגעקומען, אַ קוש געטאָן מיר אין באַק און ניט אויסרעדנדיק קיין וואָרט האָט ער גענומען אָנוואַרעמען די מילך, וואָס זיין פאָטער האָט שוין געהאַט אַרויפגעבראַכט איידער ער איז אַוועק פון שטוב; און ער מיטן ברודער האָבן עפּעס אָפּגעגעסן. ער האָט פאַר מיר אויך עפּעס געשטעלט צום עסן איידער ער איז אַוועק אין סקול אַריין.

קומענדיק צוריק פון סקול, איז ער ווידער צוגעקומען צו מיין בעט, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, איז ער זיך פאַרגאַנגען מיט אַ קלאָגנדיק געוויין . . .

איך האָב אים געלאָזט זיך אויסוויינען. דערנאָך האָב איך מיט מיין האַנט אויסגעווישט פון זיינע אויגן די טרערן, ווען ער האָט ביי מיר געפרעגט:

„טעל מי, מאַ . . . וויל הי (דער פאָטער) עוועך פאָרגיוו מי?" (וועט ער מיר ווען פאַרגעבן?)

„אַז דו וועסט שוין זיין אַ גוט ייִנגל, וועט ער דיר פאַרגעבן", האָב איך געזאָגט.

דודלס פּנים האָט זיך ווידער „געקרומט" . . . טרערן האָבן גערונען פון זיינע אויגן, ווען ער האָט ווידער געזאָגט צו מיר:

„מאַ! אַי'ם סאָ אַשעימדו!" (מאַמע, איך בין אַזוי פאַרשעמט!)

פאַרנאַכט איז מיין מאַן אַהיימגעקומען פון זיין אַרבעט. דודל איז געזעסן לעבן מיר אויפן בעט און ער האָט עפּעס אָפּדערציילט וואָס זיין קלענערער ברודערל האָט צו אים געזאָגט. דערווייל איז דער פאָטער אויך צוגעקומען זיך איינהערן. נאָר דודל איז גלייך אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט ניט געוואַגט אויפן

פּאָטער אַ קוק טאָן, אָבער דער פּאָטער האָט צו אים אויסגעשטעלט זיין האַנט, און מיט צוויי פינגער באַרירט דודלס גאָמבע, פרעגנדיק אים:

„דודל, דו ווילסט מיר אפשר עפּעס זאָגן? . . . זאָג, שעם זיך נישט! . . . ״

דודל האָט זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן . . . זיינע בלויע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט גלאַנציקע טרערן. ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט צו קוקן דעם פּאָטער אין די אויגן אַריין. נאָר מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט ער אַ זאָג געטאָן צו אים:

„יעס, פּאַ, אַי עם וועריִ, וועריִ סאַרי! . . . אַי׳ם רילי סאַרי! . . . איט וואָנט העפּען עגעין . . . ״ (יאָ, טאַטע, עס טוט מיר זייער לייד . . . דאָס וועט מער ניט פּאַרקומען.)

אָפּזאָגנדיק דעם „שווערן פּזמון״, האָט ער פּאַרוואָרפן זיינע הענט אַרום דעם פּאָטערס האַלדז . . . און ווי דאַן, ווען ער איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד, האָט ער זיך שטאַרק צעכליפּעט . . .

חברה קליין האָט געענדיקט איר דערציילונג. זי איז פּאַרבליבן זיצנדיק, גלייך ווי זי וואָלט באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערער לאַסט . . . און אירע זכרונות האָבן איר שטאַרק צערודערט . . .

נאָך דעם, ווען זי האָט זיך שוין באַרואיקט, האָט זי, קוקנדיק דירעקט אויף חברה מיטעלמאַן, צו איר אַ זאָג געטאָן:

„ווי איר האָט געהערט פון מיר, חברה מיטעלמאַן, קען מען ניט ״די דאָזיקע פראגע״ פּאַרענטפערן אַזוי ווי זי איז געשטעלט געוואָרן — „צי מעגן עלטערן אַמאָל אָנשלאָגן זייערס אַ קינד?״

איר דאַרפט וויסן, חברה, אַז קינדער ווערן ניט געפורעמט אַלע פון איין און דעם זעלבן פורעם . . . יעדעס קינד איז פאַר זיך אַ באַזונדער וועלטל, און ניט פאַר אַלע קינדער וועט גוט זיין דער זעלבער „מיטל״. נאָר אַמאָל העלפט טאַקע דער „מיטל״ אויך. עס פאַרשטייט זיך, אַז אפילו דעם „מיטל״ דאַרף מען אויך דעם קינד „געבן מיט אַ מאָס״.



# וועגן פאַרגעסענע מענטשן

מיינער אַ פריינט האָט מיך אַמאָל געפרעגט, צי וויל איך מיט אים פאָרן אין דעם „שפיטאָל אַריין, וואו עס האַלטן זיך אויף די גייסטיק־קראַנקע מענטשן״.

ער האָט מיר באַלד געזאָגט, אַז ער איז דאָרטן קיינמאָל ניט געווען, און האָט ניט קיין חשק צו פאָרן אַהין אַליין.

ער האָט אָבער צוגעזאָגט זיינעם אַ פריינט, אַז ער וועט פאָרן אַהין מבקר־חולה זיין אַ לאַנדספרוי, וועלכע איז שוין דאָרטן אַ פּאָר יאָר, און קיינער קומט צו איר ניט . . . הערנדיק דאָס, האָב איך גלייך איינגעשטימט. און אויף אַ זונטיק בין איך געפאָרן מיט אים אין יענעם שפיטאָל אַריין.

קומענדיק אַהין, האָב איך מיינע אויגן ניט געגלויבט, אַז איך זע פאַר זיך אַ שפיטאָל, אין וועלכן עס האַלטן זיך אויף קראַנקע מענטשן. צו מיר האָט דאָס דאָזיקע פּלאַץ אויסגעזען ווי אַ טורמע, באַפּאַרקאַנט מיט שטאַכעטן, און צוגעשלאָסענע טירן; גוט פאַר אַזעלכע וואָס האָבן געטאָן עפּעס אַנטקעגן דעם געזעץ.

מיר זיינען אַריין דורך אַן אויפגעעפנטן טויער. די ערשטע געביידע וואָס איך האָב דערזען איז געווען אַ רויטע, אַ צוויי־עטאַזשיק הויז מיט אייזערנע גראַטעס אויף די פענצטער, און דורך די גראַטעס האָבן צו אונדז אַרונטערגעקוקט פרויען־פּנימער. זיי האָבן אַרונטערגעשריגן, געלאַרמט און געשאָלטן מיט טויטע קללות אויף אונדזערע קעפּ . . . און איינע האָט אַרונטערגעשריגן: — „היי, מיסטער! (אַ קריסטין) אַ טויט זאָל אויף דיר קומען! פאַרוואָס האָסטו מיך דאָ פאַרשפּאַרט? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך צו דיר געטאָן?״

און גייענדיק ווייטער, איז אונדז אַנטקעגן געקומען אַ לאַנגע ריי (צו צוויי אין אַ ריי) מאַרשירנדיקע פרויען פון אַיעדן עלטער . . . זיי זיינען אַלע געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, און ווי קעגן זייער אייגענעם ווילן . . . זיי האָבן מיר דערמאָנט אין אַ ראָטע (פרויען) אַרעסטאַנטן. זיי גייען ווייל פון הינטן גייען נאָך אַ פּאָר „נוירסעס״ וועלכע קענען זיי האַלטן אין „צאַם״ . . .

מיר זיינען צוגעקומען צו אַ ציגלנער געביידע (וואָרד) און מיין פריינט האָט אַ צי געטאָן דאָס גלעקל; באַלד איז די צוגעשלאָסענע טיר געעפנט געוואָרן, און איינע, מיט אַ ווייס טשיפּיקל אויף איר קאָפּ, האָט אונדז אַריינ־

געלאָזט. זי האָט שוין געוואוסט צו וועמען מיר זיינען געקומען אַהער. דער אָפיס האָט עס איר שוין אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן.

זי האָט די טיר אונטער אונדז צוריק פאַרשלאָסן, און זי האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסער „לאבי", און געהייסן וואַרטן.

דאָרטן זיצנדיק איז מיר באַפאַלן געוואָרן אַ ווייטאָגדיקער געפיל: מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז איך זיץ דאָ אין אַ פאַרשלאָסענעם מאָנאַסטיר . . . וויל אויף אַ סך שטולן זיינען געזעסן פרויען, אַלטע און יונגע, און קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַלע זיינען געזעסן טיף פאַרטראַכטע . . . ביי אַ סך פון זיי האָבן זיך די ליפּן באַוועגט, גלייך זיי וואָלטן צו „עמיצן דאָ גערעדט" . . . אַ טייל האָבן שטיל צוגעשמייכלט . . . און עטלעכע יונגע פרויען האָבן שטיל געוויינט . . .

נאָר איינע אַ מיטליאָריקע, נידריקע פרוי, מיט אָנגעפּאַרבטע באַקן, איז אַלע רגע פאַרבייגעגאַנגען, און זי האָט אונדז באַגריסט מיט אַ שעלמיש שמייכעלע . . .

אָבער גאָרניט ווייט, וואו מיר זיינען געזעסן, האָב איך געקענט אַריינקוקן אין אַ צימער אַריין, וואו ס'איז דאָרט געשטאַנען די טיר אַ ביסל אָפן. און איך האָב דערזען אַ שוידערלעכע סצענע (און געהערט די ווערטער) — אַ יונג מיידל האָט וויינענדיק גערעדט:

— „מאָטער דיר! . . . לוק עט מי, דו דזשאָסט וואָן לוק עט מי! . . . פּליס, מאָטער! . . . דאָנט יו רעקאָגנייז מי? . . . איי עם יור דאָטער! . . . איי גראָו אָפּ! . . . אָ, פּליס, מאָטער! ספּיק טו מי! . . ." (מאַמע טייערע, טוט אַ קוק אויף מיר . . . בלויז איין קוק . . . דו דערקענסט מיך ניט? . . . איך בין אויסגעוואקסן . . . איך בעט דיך, מאַמע טייערע, טו איין קוק אויף מיר.) איר געוויין, מיט אירע רייד, האָבן מיין האַרץ גערירט. איך האָב געהאַט חשק צוצוגיין און באַרואיקן דאָס יונגע מיידל מיטן צעבראָכן האַרץ . . . נאָר אָט איז צוגעקומען די „נוירס" און זי האָט אונדז שוין געהייסן „נאָכגיין נאָך איר".

מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַ ריי צוגעשלאָסענע צימערלעך, און אויף יעדער טיר איז געווען אַן אויסגעשניטן קליין לעכל (פּענצטערל) פאַר איין אויג אַדורכצוקוקן . . . און דורך יעדן לעכל האָט אַרויסגעקוקט אַן אויג, וואָס האָט געקענט דורכבויערן אַ פאַרשטיינט האַרץ . . . אייניקע האָבן שטיל געקוקט. אַנדערע האָבן אַרויסגערעדט פּייערדיקע ווערטער, וואָס האָבן זיך פון זייערע מיילער אַרויסגעריסן . . .

די „נוירס" האָט אויפגעשלאָסן אַ טיר, און מיין פריינט איז אַליין אַריינ־

געגאַנגען. איך בין געבליבן שטיין, וואַרטנדיק אויף אים ביז ער וועט אַרויס־קומען.

נאָכדעם, ווען מיר זיינען שוין געווען אינדרויסן, האָב איך אפילו ניט געהאַט קיין כוח צו גיין. איך בין געווען אויסגעשעפּט פון מיינע כוחות, אויס־הערנדיק און צוזעענדיק אין וועלכן צושטאַנד מען האַלט דאָ אויף מענטשן, וועלכע זיינען קראַנק. און איך האָב ניט געוואוסט ביי וועמען איך זאָל קענען פרעגן: פאַרוואָס קומט עס זיי? וועלכן פאַרברעכן זיינען די מענטשן באַגאַנגען, וואָס מען האַלט זיי אין אַזאַ קלאָגנדיקן שפּיטאָל? מיט וואָס איז זייער קראַנקהייט ערגער פון אַלע יענע קראַנקהייטן, וועלכע ווערן צוגעשיקט צו דעם מענטשן, און מען באַהאַנדלט „זיי" ערגער פון די אַנדערע? . . . פאַרוואָס קומט עס זיי?...

צווישן יענע קראַנקע האָב איך געזען אַ סך יידישע: פרעג איך אונדזערע יידישע רחמנות־געזעלשאַפטן — וואָס טוט איר פאַר די דאָזיקע אומגליקלעכע? האָט איר אויך אין זיי פאַרגעסן? . . .

(געשריבן און געדרוקט אין 1928)



# זי האָט צו שפּעט זיך דערוואוסט

איר נאָמען איז רייזל. אין דער נאַכבאַרשאַפט וואו רייזל וואוינט רופט מען זי „די אַלטע רייזל״.

ווען איר וויסן שכנים צו דערציילן, אַז אַמאָל איז רייזל געווען אַ גליק־לעכע; זי האָט געהאַט אַ גוטן מאַן און צוויי טייערע קינדער. אָבער היינט איז רייזל איינע אַליין. מענטשן וועלכע געדענקן זי פון פריערדיקע יאָרן באַדויערן זי, און זיי זאָגן: „אַך ווי פאַרעלטערט זי איז געוואָרן, רייזל!...״

זיי וויסן אָבער, אַז געוואָרן איז זי אַזוי ניט אויס נחת... זי האָט געהאַט אַ סך ערגערנישן אין אירע פאַרגאַנגענע יאָרן. און אפילו איצט לעבט זי ניט אויס קיין רואיקן טאָג, און ניט קיין נאַכט. אירע טעג „פאַרברענגט״ זי אומ־גייענדיק אויף די גאַסן און אין די פּאַרקס, גלייך זי זוכט אַנצוטרעפן זיך מיט „עמיצן״, וועלכער איז פון איר שוין פון לאַנג פאַרשוואונדן געוואָרן...

און וואָס עלטער זי ווערט, אַלץ ווינציקער כוח פאַרמאָגט זי כסדר אַרומצוגיין. ווען זי דערזעט ערגעץ אַ ליידיק שטיקל באַנק, דערשלעפּט זי זיך אַהין, און זי זעצט זיך אָפּרוען; נאָר אָפּט מאַכט זי אירע אויגן צו, און אין איר דמיון דערזעט זי דעם מענטשן וועלכן זי האָט פאַרלאָרן ניט צוליב איר אייגענער שולד... טראַכטנדיק דערמאָנט זי זיך ווי אַזוי עס איז צו דעם געקומען:

— „אין אַ פרייטיק־צו־נאַכט האָט דאָס פּאַסירט: זי איז געזעסן מיט איר מאַן און צוויי קינדער ביים שבתדיקן טיש. נאָכן עסן האָט איר מאַן אַרויסגע־לייענט, פון אַ יידיש ביכל, אַ שיין מעשהלע, פון וועלכן אַלע האָבן צוזאַמען געלאַכט. נאָר פּלוצלונג (צי ניט פּלוצלונג) האָט איר מאַן זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף שוין די מינוט ערגעץ גיין, ווייל ער דאַרף זיך באַגעגענען מיט זיינעם אַ „יוניאָן־ברודער״.

רייזלען האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן. זי האָט געמיינט אַז היינט אויפדער־נאַכט וועט איר מאַן זיכער זי רופן, זי זאָל מיט אים ערגעץ גיין. ווייל היינט וואוינט ביי איר איר מאַמע, און זי קען שוין רואיק אַוועקגיין פון שטוב. מילא, דורך די יאָרן ווען זי איז געווען צוגעבונדן צו דער שטוב, ווייל זי האָט ניט געוואָלט לאָזן אירע קינדער אויף פרעמדע הענט, און איר מאַן פלעגט שטענדיק אַוועקגיין „וואוהין ער האָט געדאַרפט״, האָט זי אים ניט געשטערט. אָבער היינט איז דאָך איר מאַמע מיט זיי אין שטוב, און זי קען זיך שוין אויף איר פאַרלאָזן, אַז זי וועט די קינדער אָפּהיטן, איז זי דאָך באַרעכטיקט אַז ער זאָל זי אויך רופן, זי זאָל מיט אים ערגעץ גיין...

אָבער ביי איר מאַן איז שוין געוואָרן אַ געוואוינהייט אַזאַ אַוועקצוגיין פון שטוב אַליין. און זי מוז ווידער זיצן אין שטוב מיט די קינדער . . .

אָבער רייזל האָט אים ניט אַרויסגעוויזן אַז איר פאַרדריסט וואָס ער גייט אַוועק. פאַרקערט, זי האָט זיך צוריקגעצויגן פונם טיש, און זי האָט אים געהאָלפן אויסבינדן אַרום האַלדז דעם נייעם שניפּס, וואָס זי האָט געקויפט פאַר זיין געבוירנטאָג, און זי האָט אים אַרויסבאַגלייט פון שטוב מיט אַ קוש.

זי איז אָבער צוריק אין שטוב אַריינגעגאַנגען מיט אַ צעבראָכן האַרץ . . . כאָטש זי האָט זיך געשטאַרקט אַז איר מאַמע זאָל דאָס ניט דערקענען אויף איר, דאָך האָט זי עס יאָ דערקענט . . . נאָר זי איז געווען פון די פאַרשטענדיקטע מאַמעס, וועלכע האָבן ניט די געוואוינהייט זיך אַריינצומישן אינם לעבן פון זייערע פאַרהייראַטע קינדער. דערפאַר האָט זי ביי איר טאָכטער ניט געפרעגט ווען יענע האָט זיך אויף אַ ווײַלע אַריינגעכאַפּט אין דעם שלאָפצימער „אויס־צו־ווישן אירע אויגן" . . .

רייזל איז אינגיכן פון יענעם צימער אַרויסגעקומען, און זי האָט זיך גע־וואָלט נעמען צוראַמען די שטוב און צוגרייטן אירע צוויי קינדער (יינגלעך) זיי זאָלן ריין זיין ווען זיי וועלן דאַרפן גיין אויף זייערע געלעגערס.

נאָר די מאַמע, רייזלס, האָט פאַרזיכערט דער טאָכטער, אַז די אַרבעט וועט זי שוין אַליין אָפּטאָן. און איר טאָכטער האָט זי געראַטן, זאָל זי בעסער גיין אינדרויסן, אָדער צוגיין צו איר שוועסטער חיה, וועלכע וואוינט ניט ווייט, און זאָל זי מיט יענער פאַרברענגען אַן אָוונט.

רייזל האָט איר מאַמען געפאָלגט. זי האָט שוין טאַקע געהאַט דעם חשק אַוועקצוגיין פון שטוב. אָבער זי האָט עס ניט געקענט זאָגן איר מאַמען.

נאָר ווען די מאַמע שלאָגט עס איר פאָר, איז זי געווען צופרידן. זי האָט אָנגעזאָגט די קינדער „זיי זאָלן פאָלגן די גרענד־מאַ", און זי איז אַוועק צו איר שוועסטער חיהן.

קיין ווייטן וועג האָט זי ניט געדאַרפט גיין. זי האָט גיך אַוועקגעשפּאַצירט אַהין. און איר שוועסטער איז אוודאי געווען צופרידן.

זיי האָבן זיך ביידע פאַררעדט, און עס איז שוין באַלד געווען אַזייגער צוועלף, ווען רייזל האָט זיך געאײַלט אַהיים.

די אַלוואַראַדאָ גאַס איז באַך געווען אַ ־ליכטיקע. די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן נאָך אַלע געברענט, און מ'האָט געקענט גרינג דערקענען ווען מ'איז פאַרבייגעגאַנגען; כאָטש רייזל איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטע אין אירע אייגענע געדאַנקען, און זי האָט אויף קיינעם ניט געקוקט.

נאָר אָט האָט זי דערהערט עמיצן אַ לאָך טאָן . . . דאָס געלעכטער איז געקומען צו אירע אויערן פון אַ מענטשן וואָס איז מיט „איינער" געגאַנגען, אַ קורצע שטרעקע פאָראויס אויפן זעלבן טראָטואַר וואו זי איז געגאַנגען. רייזל האָט אָנגעשטרענגט אירע אויגן, און . . . זי האָט באַלד דערקענט אַז

דאָרטן גייט איר אייגענער מאַן מיט נאָך „איינער". זיי גייען ביידע געמיטלעך מיט געשלאָסענע אָרעמס, און זיי רעדן און לאַכן . . . רייזל איז געבליבן שטיין אַ דערציטערטע, און זי האָט ניט געקענט ווייטער גיין. זי האָט זיך מיט אירע לעצטע כוחות צוגערוקט צו אַ וויסטאַווע־פּענצטער, און אירע אויגן האָבן „נאָכגעגאַנגען" יענעם פּאָרל, ביז זיי האָבן זיך פאַרנומען אויף אַ צווייטער גאַס...

רייזל האָט געפילט אַז איר האַרץ וועט זיך באַלד אָפּשטעלן. איר איז געוואָרן שווער צו אָטעמען . . . זי האָט אָבער געפילט ווי אַרויסצושרייען איר ווייטאג וואָס האָט איר פּלוצלונג אָנגעכאַפּט ביים האַלדז . . . נאָר זי האָט עס ניט געטאָן. זי איז אַ ווײַלע שפּעטער געגאַנגען פאַמעלעך אַהיים.

זי איז שטילערהייט אַריין אין שטוב. איר מאַמע מיט די קינדער זיינען געשלאָפן, און זי האָט זיך אָנגעשטרענגט ניט צו מאַכן קיין טומל. זי איז אַריין צו זיך אין שלאָפצימער, און זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט מיט איר פּנים אין דער קישן, און זי איז פאַרגאַנגען אין אַ שטילן געוויין . . .

אַ ביסל שפּעטער איז אַריינגעקומען איר מאַן. זי האָט געהערט ווי ער איז שטילערהייט צוגעגאַנגען צו איר צימער, און זי האָט געפילט ווי זיינע אויגן פאָרשן אויף איר, צי זי שלאָפט? . . . ער האָט נאָכדעם שטיל גע־פרעגט — „רייזל, דו שלאָפסט?" — און זי האָט אים ניט אָפּגעענטפערט. ער האָט געזען אַז זי ליגט אויפן בעט אין איר אָנטאָן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז שלאָפן שלאָפט זי נאָך ניט. נאָר זי ענטפערט אים ניט. אַז „עפּעס" האָט געמוזט פּאַסירן . . . כאָטש ער האָט זיך נאָך ניט געהאַט אָנגעשטויסן „וואָס עס האָט פּאַסירט". אָבער געטראַכט האָט ער יאָ. דערפאַר האָט ער ביי איר מער ניט געפרעגט. ער איז אַריין צו די קינדער, וואו סע שטייט דאָרטן אַ ווייכע סאָפקע, און ער האָט זיך אויף איר געלייגט און איז איבערגעשלאָפן די נאַכט.

צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען, ווי יעדן שבת אינדערפרי, אַוועקצוגיין אָפּאַרבעטן דעם האַלבן טאָג. ער האָט אָבער געמוזט אַוועקגיין אָן „ברעקפעסט", ווייל רייזל איז ניט אויפגעשטאַנען צוגרייטן דאָס פאַר אים. דאַן איז ער שוין ביי זיך געווען זיכער אַז רייזל האָט זיך „דערוואוסט", און זי ווייסט שוין פון זיין טאָפּלטן לעבן, וואָס ער האָט פון איר אויסבאַהאַלטן . . . ער האָט זי גאָרניט געפרעגט, ער איז אַוועק צו זיין אַרבעט.

נאָכדעם איז אויפגעשטאַנען רייזלס מאַמע. זי האָט ניט געהערט איר טאָכטער אויפשטיין איידער איר מאַן איז אַוועק פון שטוב. און קיין „פינגער אין מויל" האָט מען איר אַלטער מוטער ניט געדאַרפט אַריינשטעלן. זי האָט פאַר־שטאַנען, אַז עפּעס אַן אומגליק האָט זיך אָנגערוקט, און איר טאָכטער זאָגט עס איר ניט אויס . . . האָט זי ווייטער באַשלאָסן איר ניט צו פרעגן, ביז זי וועט איר אַליין דאָס זאָגן.

רייזל איז געלעגן אין בעט אַ פאַרטראָגענע. זי איז ניט געשלאָפן. זי האָט נאָר געטראַכט. ענדלעך האָט זי צוגערופן איר מוטער, און זי האָט איר גע־

בעטן זי זאָל זיך זעצן לעבן איר אויפן בעט. די אַלטע מאַמע אירע האָט שוין פאַרשטאַנען. מיט אַ ציטערדיק האַרץ האָט זי אויסגעהערט וואָס איר טאָכטער האָט דערציילט . . . דער טאָכטערס לעצטע ווערטער — „מאַמע, ער האָט מיך גענאַרט . . . כ׳האָב אַליין אים געזען גיין מיט איר . . .״ האָט געבראַכט טרערן אין אירע אויגן. אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט, און זי האָט, ווי אַ מאַמע, גענומען איר קינד טרייסטן; אַז אפשר האָט זיך דאָס איר בלויז געדאַכט . . . אפשר איז עס נאָך ניט דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי זאָל זיך שוין דאַרפן נעמען צום האַרצן . . . און נאָכדעם האָט זי איר אויסגערעדט למאי זי האָט גלייך געבראָכן צו אַ שטילן ברוגז מיט אים . . . גלייכער וואָלט געווען, ווען זי וואָלט באַלד אויף דער הייסער רגע אים געפרעגט. אפשר וואָלט ער איר געקענט געבן אַן ענטפער אויף דעם?

רייזל האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט, זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף איר מאַמעס אַקסל, און זי האָט זיך שטאַרק צעוויינט . . .

ווען זי האָט זיך באַרואיקט, האָט זי געזאָגט איר מאַמען, אַז זי וועט אַ גיי טאָן צו אים וואו ער אַרבעט, און זי וועט זיך דורכרעדן מיט אים. נאָר די מאַמע אירע האָט עס ניט דערלאָזט. זי האָט איר געזאָגט, אַז גלייכער וועט זיין, ווען ער וועט קומען צוריק אין שטוב אַריין, דאַן זאָל זי צו אים רעדן.

סעם, רייזלס מאַן, איז נאָך האַלבן טאָג טאָקע צוריקגעקומען אין שטוב אַריין. ער איז אָבער געווען ניט דער זעלבער סעם. ווען ער איז אַריינגעקומען האָבן די שטוב־מענטשן אים גלייך ניט דערקענט; מחמת ער איז אַריינגעקומען ווי אין אַ פרעמדער שטוב. ער האָט צו קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אפילו ניט צו די קינדער. און רייזל האָט, קוקנדיק אויף אים, פאַרלאָרן אַלע ווערטער מיט וועלכע זי האָט זיך צוגעגרייט צו באַגעגענען אים. זיין אָנגע־כמורעט פנים האָט „פארשטאָפּט״ איר מויל . . .

אין אַ געדריקטער שטילקייט איז פאַרגאַנגען דער טאָג. אַזוי דער צווייטער טאָג: ניט זי האָט צו אים גערעדט, און ניט ער האָט גערעדט צו איר . . . די שטוב איז דורכדעם געוואָרן „אָנגעפילט מיט דינאַמיט״, און ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, אַז אָט וועט עס באַלד טאָן אַ רייס־אויף . . . און דאָס ביז אַהער פרידלעכע פאַמיליען־לעבן, פון צוויי מענטשן מיט זייערע קינדער, וועט אונ־טערגיין . . .

ערשט אויפן פערטן טאָג, ווען סעם איז פאַרנאַכט געקומען פון דער אַרבעט, און אין שטוב איז געווען רייזל, האָט ער זיך אַפריער אַרומגעקוקט און געזען אַז די אַלטע מיט די קינדער זיינען ניטאָ, האָט ער גענומען רעדן צו רייזלען:

— „רייזל, — האָט סעם צו רייזלען שטילערהייט געזאָגט — צווישן אונדז ביידן קען דאָס אָט אַזוי־אַ ניט מער אָנגיין. איך האָב באַשלאָסן פון דיר אַוועקצוגיין . . . די קינדער וועל איך ביי דיר זיי לאָזן. דאָס געלט, וועלכעס

מיר פאַרמאָגן, מעג באַלאַנגען צו דיר. און וויפל איך וועל פון מיין אַרבעט פאַרדינען, וועל איך זיך מיט דיר צעטיילן. און אויב ס'וועט אַמאָל קומען צו דיר אין געדאַנק, אַז דו ווילסט מיך גטן . . . וועל איך צופרידן זיין. אויב ניט, וועל איך דיר ניט „צווינגען" . . . און איצט, רייזל, אַז דו האָסט זיך שוין דערוואוסט פון „מיין סוד", וועלכן איך האָב פון דיר אויסבאַהאַלטן גאַנצע צוויי יאָר, קען איך דיר בלויז זאָגן, אַז עס פאַדריסט מיך שטאַרק פאַרוואָס איך האָב עס דיר ניט דערציילט ביז אַהער. דו האָסט עס ניט פאַרדינט אַז איך זאָל זיך אונטער דיינע פלייצעס פאַרבינדן מיט אַ צווייטע פערזאָן . . . אָבער איצט איז עס שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. ניט איך וועל ווען עס איז זיך קענען פאַרגעבן, און ניט איך דערוואַרט אַז דו זאָלסט מיר קענען פאַרגעבן . . . אָבער, אין לעבן פאַסירט אַזעלכעס. איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער . . . און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל מיר האָבןביידע געלעבט אין באַזונדערע וועלטן . . . דו האָסט זיך ניט געקענט „דערהויבן צו מיין וועלט", און איך האָב זיך צו „דיין וועלט ניט צוגעפּאַסט" . . . אָט אין דעם ליגט אונדזער ביידנס שולד . . ."

ווען ער האָט די דאָזיקע ווערטער געזאָגט, איז רייזל געזעסן ווי אַ פאַר־טשאַדעטע און זיך צוגעהערט. זי האָט קיין וואָרט ניט פאַרפעלט צו הערן, אָבער זי האָט זיי ניט גלייך „באַנומען" . . . עס איז פאַר איר געווען צופיל צו פאַרשטיין דעם ריכטיקן זין פון זיינע ווערטער, און דער האַלז איז איר געוואָרן פאַרלייגט, זי האָט אים ניט געענטפערט קיין וואָרט. נאָך איידער זי איז גע־קומען צו זיך, איז איר מאַן, סעם, שוין געווען אַוועקגעגאַנגען.

רייזל איז געבליבן אַליין. באַלד איז אַריינגעקומען איר מאַמע מיט די קינדער. ערשט דאַן איז רייזל אַוועקגעפאַלן אין חלשות . . .

— — — פונקט אין אַ וואָך אַרום איז רייזלס מאַן (סעם) געקומען זען די קינדער. מיט רייזלען האָט ער ניט גערעדט. ער האָט נאָר דעם „טשעק" איר אין האַנט געגעבן. און זי צו אים האָט אויך ניט געהאַט „וואָס צו רעדן" . . . און וואָס וואָלטן אירע ווערטער געקענט זאָגן אים? . . . אונטער אַזאַ שווערער שטימונג, קענען ניט די ווערטער איבערגעבן וואָס איר האַרץ פילט . . .

רייזל איז געבליבן מיט זיך אַליין. זי האָט אפילו אויפגעהערט צו פאַר־נעמען זיך מיט שטוב־אַרבעט, ווייל די מאַמע האָט עס אַליין פאַר איר געטאָן. זי האָט געוואָלט גרינגער מאַכן איר געמיט. דערפאַר האָט רייזל געהאַט אַ סך צייט פאַר זיך צום טראַכטן; זיך לייגן אויפן בעט און טראַכטן . . . זי האָט אַוועקגעשטעלט פאַר אירע אויגן אירע פאַרגאַנגענע זיבן יאָר וואָס זי האָט מיט איר מאַן אָפּגעלעבט. זי האָט אין איר דמיון געזוכט און געוואָלט געפינען די ערשטע „פעדעם", וועלכע האָבן פאַרבונדן זייערע לעבנס, און געוואָלט אויסגעפינען, פאַרוואָס האָבן זיי אַזוי שנעל „זיך איבערגעריסן" . . .

זי האָט אָבער ניט געוואוסט פונוואַנען זי זאָל אָנהייבן זוכן. אין איר

געדאַנק האָט זי כּסדר ביי זיך געפרעגט „פאַרוואָס?״ — צי איז זי צו אים געוועזן אַ שלעכט ווייב? . . . אַ שלעכטע מאַמע צו זיינע קינדער? . . . איז זי אַזוי מיאוס געוואָרן, אַז ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ שענערע? . . .

קיין ריכטיקן ענטפער אויף אַזעלכע פראַגעס, האָט זי זיך אַליין ניט געקענט געבן. אָבער די צייט האָט אירע אויגן געעפנט, און זי האָט אָנגעהויבן צו דערזען אַ ביסעלע קלאָרער דאָס לעבן. און זי האָט גענומען פאַרשטיין די בעסערע זייט פונם לעבן. זי האָט זיך דערוואוסט, אַז מיט אַזעלכע „טוגנטן״, ווי אַ „געטריי ווייב צום מאַן״, קען זיך אין דער היינטיקער צייט אַ פרוי ניט „איבערנעמען״. ווייל דאָס היינטיקע צוזאַמענלעבן פון צווי מענטשן (מאַן און פרוי) מוז באַלד אין אָנהייב אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אַ שטאַרקערן „פונדאַמענט״ ווי בלויז אויף דער „פּאַפּירענער כּתובה״ . . . וואָס די פרוי באקומט פון איר מאַן. זי האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס צוזאַמענלעבן פון מאַן און פרוי קען נאָר אַזוי לאַנג געדויערן, ווילאַנג עס האַלט אָן צווישן זיי די פאַרשטענדעניש פון איינעם צום צווייטן. ווען די פארשטענדעניש איז פאַראַן, דאַן פאָלגט דער אינטערעס, און די האַרמאָניע און רעספּעקט איינעם פאַרן צווייטן. און אָן דעם, מוז עס דערפירן צו אַ לאַגע ווען איינער פון די צוויי פאַרלירט דעם באַגער צו „גיין ווייטער אין שפּאַן״, און ער געפינט דעם „וועג״ אויף וועלכן ער דענקט ווייטער צו גיין . . .

ווען רייזל האָט אין איר אייגענעם געדאַנק, און אויף איר אייגענעם אויסטייטש, דאָס דאָזיקע גענומען פאַרשטיין, איז איר דערפון אויפן האַרצן ניט געוואָרן גרינגער; ווייל זי קען עס ניט אָנפאַנגען אויפדאָסניי; צו־שפּעט האָט זי זיך פון דעם דערוואוסט . . .

און טאַקע דאָס דאָזיקע האָט איר האַרץ און געדאַנק געפּייניקט. ווייל עס דערמאָנט זיך איר אין „צייטן״ ווען זי פלעגט צו איר מאַן רעדן, און ער פלעגט זי אויסהערן מיט געדולד, אָבער ס׳זיינען אים קאָפּ ניט געקראָכן אירע רייד . . . זי האָט נאַרישע רייד גערעדט צו אים; בעת ער האָט אפשר געטראַכט פון „הויכע געדאַנקען״. אַזוי מיינט זי איצט, ווען זי דערמאָנט זיך דאָס. און איצט טוט דאָס איר וויי . . .

אָבער וואָס זאָל זי איצט טאָן? זאָל זי צוליב דעם „אַנטלויפן פונם לעבן?״ . . . דאָס וועט זי נישט טאָן. זי איז דאָך געקומען צו איר שכל, אַז אַ מענטש קען לערנען פונם פאַרגאַנגענעם, און זיינע פעלערן אויסבעסערן. אַלץ וואָס זי דאַרף, איז צייט. צייט צו קענען אַריינפּאַסן זיך אין די נייע באַדינגונגען, נייע אומשטענדן, וואָס קומען איר אַנטקעגן . . .

יאָ, זי ווייסט אַז גרינג וועט עס איר ניט אָנקומען. און זי איז אויף דעם אויך גרייט.

רייזל האָט אויף צוריק איבערגענומען אירע פליכטן פון צו זיין אַ מאַמע און אַ באַלעבאָסטע אין שטוב. איר אַלטע מוטער האָט אַ ביסל איר צוגעהאָלפן.

דאָס האָט איר געגעבן אַ ביסל מערער צייט אָוועגצוגיין פון שטוב „באַקוקן די וועלט". זי איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ „פרייער פויגל", און זי מעג פליען וואוהין זי וויל.

אָבער, וואוהין זאָל זי מיט אירע אויפגעבונדענע פליגל אָוועקפליען? אַז אַחוץ איר שוועסטער, און נאָך אַ צוויי פריינט, קען זי דאָך קיינעם ניט! . . . זי איז דאָך אַלע יאָרן געזעסן אין שטוב מיט אירע קינדער . . . ווייסט זי דען "ווי מען עפנט ערגעץ אַ פרעמדע טיר?" . . . זי ווייסט ניט, טאָ צו וואָס טויג איר די צוגעוואָרפענע „פרייהייט?" . . .

פון אַזעלכע געדאַנקען האָט זיך איר שלעכטער געמיט נאָך מער צע־רייצט . . . און ביי איר אין האַרץ האָט זיך דערוועקט צו „אים" אַ שטאַרקער האַס . . . זי האָט אפילו געוואָלט „טאָן" עפּעס וואָס זאָל „אים" פאַרשאַפן אַ פאַרדראָס, אַז ער זאָל פילן דעם טעם פון אירע ווייטאַקן, בעת ער האָט איר דאָס פארשאַפט . . . און אַז מען טראַכט, דערטראַכט מען זיך, און געטאָן האָט זי דאָס אויף איר אייגענעם אופן.

רייזל האָט זיך דערטראַכט צום „געדאַנק", אַז ווען „ער" וועט אין שטוב אַריינקומען, זאָל זי זיך נעמען צוגרייטן אָוועקצוגיין „ערגעץ". זאָל „ער" טראַכטן אַז „זי" ווייסט שוין אויך "וואו עס עפנט זיך אַ טיר פאַר אירעט־וועגן" . . . זי איז אויסן געווען דערמיט „ווי טאָן אים", אַזוי ווי ער האָט איר ווי געטאָן: בשעת ער האָט זיך אויסגעפּוצט אָוועקצוגיין, און איבער־געלאָזן זי מיט די קינדער אין שטוב.

רייזל האָט די דאָזיקע „חכמה" אָפּגעטאָן עטלעכע מאָל בעת „ער" איז געקומען זען די קינדער. ווי גיך ער איז אַריינגעקומען, האָט זי זיך געגרייט אָוועקצוגיין. און וואוהין איז זי דען געגאַנגען? — צו איר שוועסטער אין שטוב אַריין.

אָבער איר מאַן האָט דאָך דאָס ניט געוואוסט. און כאָטש ער האָט שוין אויפגעגעבן זיין „רעכט" אויף איר, דאָך האָט ער עס ניט געוואָלט זען אויף דער מוטער פון זיינע קינדער. דערפאַר האָט ער אויפגעהערט קומען אין שטוב אַריין.

אַזוי־נאָך האָט זי דערגרייכט פונקט דאָס פאַרקערטע׳ זי האָט געצילט אירע „פיילן" אויף אים און פאַרוואונדעט האָבן זיי איר אַליין . . .

ס׳זיינען פאַרגאַנגען עטלעכע וואָכן, און די „טשעקס" זיינען צו איר שוין אָנגעקומען דורך דער פּאָסט. אָבער מיט אַ צייט שפּעטער האָבן די „טשעקס" אויפגעהערט קומען צו איר. זי האָט אפילו ניט געוואוסט וואו זיך נאָכצופרעגן אויף אים.

רייזל האָט נאָכדעם שטאַרק חרטה געהאַט פאַר איר נאַרישן איינפאַל. ס׳איז שוין געווען צו־שפּעט זי זאָל דאָס קענען פאַרריכטן . . . זי האָט זיך אַליין שווער געפּייניקט מיט אירע חרטה־געפילן, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. זי האָט זיך ניט אויפגעהערט באַשולדיקן פאַרוואָס זי האָט זיך ניט צוגעהערט צו איר מאַמעס רייד, ווען זי האָט זיך ביי איר געבעטן: — „רייזל, מיין טאָכטער, ווען מ׳האָט קליינע קינדער אין די וויגן, דאַרף מען לייטן לאָזן צופרידן . . . ״

— — — אַ סך יאָרן זיינען פאַרגאַנגען געוואָרן, און רייזל האָט פון „אים״ ניט געהערט. דורך יענער צייט איז רייזלס מוטער געשטאָרבן. און אירע צוויי זין זיינען געוואָרן דערוואקסענע, פאַרענדיקט אַ מיטלשול (הייסקול) און זיי האָבן מיט זייערע פאַרדינסטן צוגעהאָלפן זייער מאַמען.

אָבער רייזל איז פון דעם ניט געווען גליקלעך. זי האָט נאָכדעם זיך דערטראַכט, אַז פאַר איר וועט זיין בעסער, ווען זי אַליין וועט זיך צו עפּעס נעמען. זי האָט געקענט גוט נייען, האָט זי זיך באַזעצט אין אַ „שאַפּ״ אַרבעטן.

זי האָט איינגיכן דערפילט, אַז דער „שאַפּ״ העלפט איר קומען צו זיך. זי איז ניט אַזוי איינזאַם. זי האָט זיך באַקענט מיט אַנדערע פרויען, אַזעלכע ווי זי אַליין איז. און זי האָט זיך פון זיי דערוואוסט, אַז זי איז ניט די איינציקע אויף דער וועלט, וועמעס פאַמיליען־לעבן ס׳איז אויף אַזאַ אַרט צעשטערט געוואָרן. אויך ביי יענע פרויען איז געשען דאָס זעלביקע: אויך ביי ״יענע״ איז צעפאַלן געוואָרן דאָס פאַמיליען־לעבן, אַזוי ווי די „רעדער״ פון אַ וואָגן, ווען זיי צעקייקלען זיך אויף באַזונדערע וועגן . . .

רייזל האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז כל־זמן דער מענטש לעבט, באַדאַרף ער זיין צופרידן מים דעם „ביסעלע״ וואָס די השגחה האָט פאַר אים באַשטימט . . . צי ער וויל, צי ער וויל עס ניט.

נאָך יאָרן האָבן זיך פון איר אָוועקגערוקט, און פון „אים״ האָט זי ניט געהערט, ער איז פאַר איר ווי אין וואַסער אַריין . . . זי האָט זיך ניט דערוואוסט וואו צו געפינען אים. אָבער זי האָט אַלץ ניט אויפגעגעבן איר לעצטע האָפענונג. כאָטש זי האָט צוליב דעם ניט געהאַט קיין רו . . . אין די אויפדערנאַכטן האָט זי געהאַט שווערע חלומות . . . עס האָט זיך איר נאָר געדאַכט, אַז „זי הערט זיין שטים״ . . . דערפאַר האָט זי זיך ניט געקענט באַפרייען פונם געדאַנק, אַז „ער לעבט נאָך״ . . . און זי מוז אים גיין זוכן. דערפאַר איז זי געגאַנגען יעדן טאָג וואו אירע אויגן האָבן זי געטראָגן . . . זי האָט רק געמיינט, אַז זי וועט „אים״ אַ וועלכן טאָג ערגעץ באַגעגענען . . .

געווען אַזעלכע טעג פאַר איר ווען זי האָט געקענט געניסן אַ ביסעלע פרייד, פון אירע צוויי פאַרהייראַטע זין. זיי פלעגן קומען צו איר מיט זייערע

קינדער, וועלכע זיי האָבן שוין דערלעבט צו האָבן. זי האָט אָבער ניט לאַנג זיך געקוויקט מיט דער דאָזיקער פרייד, ווייל ס׳האָט זי רק געצויגן צו גיין אים זוכן . . . זי איז אומגעגאַנגען אין די לאָס אַנדזשעלעסער גאַסן, און אין די פּאַרקס, וואו זי האָט קיין איין פאַרבייגייער ניט אויסגעמיטן, אַ קוק צו טאָן אים אין פּנים . . . זי האָט רק געמיינט אַז אָט „איז ער״! . . .

אָבער דער ווען זי האָט אויסגעקוקט האָט זיך צו איר ניט באַוויזן. עס האָט איר בלויז געגעבן מער זאָרג. זי האָט זיך אַליין בארויבט פון איר שלאָף . . . און אירע לעצטע ביסל כוחות זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס׳איז איר נאָכדעם באַפאַלן שאַרפע ווייטאקן אין אירע פיס, און ס׳איז איר געוואָרן שווער דאָס אַרומגיין. צו דעם איז איר נאָך באַפאַלן אַ שטילער אומעט, און זי האָט צו קיינעם ניט גערעדט . . .

רייזל איז מיד . . . ווי נאָר זי דערזעט אַ ליידיקע באַנק, זעצט זי זיך אויף איר כדי זי זאָל קענען נאָכקוקן די פאַרבייגייער. אָבער קיינער קוקט זיך ניט אום אויף איר . . . קיינער שטעלט זיך ניט אָפּ לעבן איר . . .

נו, טאַקע . . . וואָס גייט זי אָן עמיצן? . . . און וואָס גייט איר אָן „עמיצער״ — וויבאַלד עס איז ניט סעם, איר פארשוואונדענער מאַן?!״ —



# „מעין סטריט״ אין לאָס אַנדזשעלעס

אין אַמעריקע איז „מעין סטריט״ אַ סינאָנים פאַר אַלע שטעט און שטעטלעך איבערן לאַנד. אויף מעין סטריט זעט מען קאָמישע און טראַגישע פּאַרשוינען: רייכע און אָרעמע, אַרויפגעאַרבעטע און אַראָפּגעפּאַלענע; עס איז אַ שטענדיקער געטומל פון מענטשן און אויטאָמאָבילן, יעדן טאָג דאָס זעלביקע.

אויף „מעין סטריט״ קען מען איינקויפן אַלץ. נאָר די בעסטע „סחורה״, וועלכע איינער קען פאַר זיך איינקויפן, איז דער „גלויבן אין לאָרד דזשיזוס״. און מען דאַרף פאַר דעם קיין געלט נישט באַצאָלן. זיינע חסידים פאַרלאַנגען עס ניט. אַלץ וואָס זיי בעטן דעם פאַרבייגייער איז, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן און זיך צוהערן צו די „דרשות״. אָבער די מערסטע וועלכע שטעלן זיך אָפּ איינהערן, זיינען אַזעלכע וואָס פאַרמאָגן ניט קיין ניקל אין זייערע קעשענעס. שטייען זיי און וואַרטן געדולדיק, ביז אַלע דרשנים וועלן פון זיך אַרויסשרייען זייערע לונגען . . . ערשט דאַן וועט מען אַלעמען רופן אין דעם „מיסיאָן־הויז״ אַריין, און מ׳וועט זיי מכבד זיין מיט אַ טעפּעלע הייסע קאַווע. צו דעם וועלן זיי זיצנדיק נאָך קענען „אַ דרימל טאָן״ . . . אונטער דעם באַגלייט פון פויק־און־טאַץ מוזיק . . . אָט אַזוי גייט דאָס אָן אין לאָס אַנדזשעלעס אויף ״מעין סטריט״.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די שטאָט לאָס אַנ־דזשעלעס געווען דער „טויער״ דורך וועלכן מ׳האָט געדאַרפט אַדורכגיין צו דעם פּאַסיפיק.

די מיליטער־לייט, און סתם אָנגעפּאַרענע, פון אַלע שטאָטן, האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען, ספּעציעל אויף „מעין סטריט״. עס זיינען געווען אַזעלכע פּאַרשוינען וועלכע האָבן אויף אַ יידן געקוקט מיט „מעסערלעך אין זייערע אויגן״ . . .

דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל עס זיינען געווען „אַזעלכענע״ וואָס האָבן זיי אָנגערייצט אויף כלומרשטע שונאים. און אָט די אָ האָבן דאָס געדאַרפט „ראַטעווען די קאַנטרי״ — ווען די פּאָליציי וואָלט זיי נאָר דערלאָזט.

איך געדענק, אַ זונטיק אינדערפרי בין איך געגאַנגען אויף „מעין סטריט׳ פאַרביי דעם „רעסקיו מישאָן הויז״. איך האָב געזען שטיין אַ גרויסן עולם, צוהערנדיק זיך צו אַ „סערמאָן״ פון אַ „פּאַסטאָר״, אינעווייניק אין גרויסן זאַל פאַר אַ געפּאַקטן עולם.

איך האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט, און כ׳האָב געוואָלט הערן וואָס יענער דרשנט. אָבער ווי נאָר איך האָב דערהערט דאָס ערשטע וואָרט, „די דזשוס״, האָב איך פּאמעלעך געגומען זיך אָפּטראָגן . . . נאָר אָט האָב איך דערהערט נאָך אַ פּאָר ווערטער, און איך בין געבליבן שטיין: פּאַרקערט, איך האָב זיך גאָר געשטופּט נענטער צו דער טיר. איך האָב נישט געוואָלט פאַרלירן קיין איין וואָרט, וואָס יענער האָט אַרויסגערעדט. און איך בין שוין געבליבן שטיין מיט מיין נאָז צוגעפּרעסט צו אַ מגושמדיקן הויכן קערפּער, פון וועלכן עס האָט זיך „געהערט״ אַ שלעכטער ריח . . .

אָבער די ווערטער וואָס דער פּאסטאָר האָט געזאָגט זיינען געקומען גלייך צו מיר אין אויער אַריין — „איך זאָג אייך, מיינע ברידער, אַז דער ייד, און דאָס יידישע פאָלק, טאָר ניט אונטערגיין! . . . מיר מוזן דעם יידן שיצן! מיר דאַרפן דעם יידן! זיין עקזיסטענץ דאַרף זיין אַ געזיכערטע! . . . אויב היטלער זאָל ווערן דער זיגער, דאַן וועלן פּופציק פּראָצענט פונם יידישן פאָלק אונ־טערגיין! . . . און מיר, קריסטן, טאָרן צו אַזעלכעס ניט דערלאָזן! . . . מיר וועלן טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט ווען דאָס זאָל חלילה געשען! . . . ״

דער רעדנער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און עס איז געווען שטיל. נאָר באַלד האָט די „שטים״ ווידער זיך צערעדט: — „מיינע ברידער קריסטן! איך זאָג אייך אַז אַלץ וואָס מענטשן טראַכטן אויס וועגן די יידן איז פאַלש; ס׳איז ליגן! שלעכטע קריסטן טראַכטן דאָס אויס! . . . די יידן זיינען געטרייע בירגער אין אַמעריקע, אָט ווי מיר אַלע זיינען. איר טאָרט נישט גלויבן יענע אומפאַראַנטוואָרטלעכע דעמאַגאָגן וואָס רעדן רכילות אויף יידן! . . . די יידן האָבן מיט געהאָלפן בויען אונדזער לאַנד. יעדער בירגער טראָגט־צו צו זיין לאַנד וואָס ער קען. דערמיט באַרייכערט ער זיין לאַנד. — האָט עמיצער פון אייך ווען געהערט פון דעם יידן נייטען שטראוס? ער האָט געשטעלט מילך־סטיישאַנס אין פילע שטעט איבערן לאַנד, און ער האָט געטיילט „פּאַסטעריי־זירטע״ מילך פאַר אָרעמע קינדער, אומזיסט! . . . טויזנטער קינדער האָט ער אָפּגעראַטעוועט פון טויט! . . . ווייסט איר דאָס? ניין? מען האָט אייך דאָס ניט דערציילט! . . . און האָט איר אַמאָל געהערט פון אַ נאָמען „ראָזענוואַלד״? ווייסט איר וואָס ער האָט געטאָן פאַר די קאָלאָרד פּיפּל? ניין! איר ווייסט דאָס אויך ניט! די אונטערהעצער האָבן עס אייך ניט דערציילט! . . . ״

ער איז ווידער געבליבן שטיל אַ ווײַלע, און איך האָב אַלץ נישט געקענט דערגרייכן צו דער טיר, איך זאָל קענען אַ קוק טאָן אויפן רעדנער.

— „ווייסט איר פונוואַנען עס נעמט זיך צו מענטשן די שנאה צו יידן? — האָט ער ווייטער געהאַמערט מיט זיין שטאַרקן קול — פון ניט פאַרגונען אים! . . . איך זאָג אייך, ווען גאָט האָט געגעבן דעם יידן די חכמה צום האַנדל,

מסתמא דאַרף דאָך אַזוי צו זיין . . . גאָט ווייסט וואָס ער טוט! און דער ייד נאַרט קיינעם נישט אָפּ! האַנדל קען אייביק נישט אַנגיין אויף שווינדל! אין אונדזערע פּריזאָנס וועט איר געפינען אַ סך מער קריסטן . . . אָבער ווען איין ייד באַגייט אַ פאַרברעכן קעגן געזעץ, זענט איר גרייט אַלע יידן צו באַשולדיקן . . . אָט דאָס טאָר אַזוי נישט זיין! דאָס איז אַן אומרעכט! און גאָט וועט דעם אומרעכט ניט פאַרשווייגן! . . . ״

דער פּאַסטאָר (נאָכדעם האָב איך זיך דערוואוסט דעם נאָמען: „ד״ר קארטלין מייער״) האָט פאַרענדיקט זיין סערמאָן מיט אַ תפילה צום „ערלייזער דזשיזוס״, און דער עולם האָט זיך געהויבן פון די בענק, געשטופּט צום אַרויסגאַנג.

איך בין געשטאַנען און באַטראַכט די אַרויסגעקומענע: אַ סך פון זיי זיינען געגאַנגען מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ, ווי פאַרטראַכטע, און אַנדערע — מיט ביטערע שמייכעלעך אויף זייערע פּנימער.

אַ פּאָרל, וואָס איז לעבן מיר פאַרבייגעגאַנגען, האָט געזאָגט: „ס׳איז טאַקע אַלץ אמת וואָס דער פּאַסטאָר האָט געזאָגט? . . . ״

אַ קליינע גרופּע, וועלכע האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען, האָבן הויך געלאַכט. און איינער פון זיי האָט נאָך אַ זאָג געטאָן:

— ״הי (דער פּאַסטאָר) איז עי גאָד דעם לאַייער . . . הי הימסעלף מאסט בי עי דזשו! . . . ״

נאָך אַנדערע האָבן אים צוגעהאָלפן. . .

— — — „מעין סטריט״: אָט אַזוי איז זי געווען, און הלוואי איז זי בעסער געוואָרן . . .

(געדרוקט אין יאָר 1943)



# ווי איך האָב געזען שלום אַשן

ווען איך בין געווען אַ יונגער בחור האָב איך געהערט דעם נאָמען שלום אַש. און זיין ערשטע „זאַך”, וועלכע איך האָב אָנגעהויבן צו לייענען, איז דאָס „שטעטל”. נאָכדעם האָב איך שוין געלייענט אַלץ וואָס איז נאָר פּאָר מיין אויג געקומען: סיי אין דער יידישער פּרעסע, און סיי אין בוך־פאָרעם. שלום אַש איז „מיין שרייבער” געוואָרן.

איך געדענק אָבער ווי אומצופרידן איך בין געווען פון שלום אַשס אַ ווערק וועלכעס איז דאַן מיט דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אין וואַרשע: איך מיין דאָס ווערק „גאָט פון נקמה”. אמת, איך האָב נאָך דאַן ניט געקענט אַרויסזאָגן מיין מיינונג וועגן דעם ווערק, גוט צי שלעכט. נאָר זיצנדיק אין קאָמפּאַניעצעס טעאַטער, אויפן מאַראַנאָוו, וואו מ'האָט דאָס ווערק (דראַמע) אויפגעפירט, האָב איך שטאַרק חרטה געהאַט פאַרוואָס איך בין געקומען צו דער פאָרשטעלונג. דאָס „הייזל” און דאָס תורהלע, האָבן עפּעס זיך ניט געפּאַסט, לויט מיין יידישן געשמאַק . . . און איך בין צוריקגעפאָרן אַהיים, אַן אומצופרידענער.

איך האָב אָבער ניט אויפגעהערט לייענען שלום אַשס ווייטערדיקע ווערק, וועלכע ער האָט כסדר געשריבן.

וואָס מער איך האָב זיינע ווערק געלייענט, אַלץ מער האָב איך פון אים געהאַלטן אַלס אַ שרייבער. און איך האָב שטאַרק געוואָלט באַקענען זיך מיט אים. כאָטש אַ קוק טאָן אויף אים.

מיין וואונטש איז דערפילט געוואָרן — שפּעטער מיט קנאַפּע פערציק יאָר! אין אַ דאָנערשטיק דעם 10טן פעברואַר 1944 איז דאָס פאָרגעקומען.

איך האָב געהאַט איבערגעלייענט אין מיין צייטונג אַ שטיקל נייעס, און איך בין געבליבן דערשטוינט . . . כ'האָב ניט געוואָלט גלויבן אַז דאָס איז דער אמת. איך האָב אַ פּאָר מאָל איבערגעלייענט די ווערטער: — „דער שריי־בער שלום אַש האָט געגעבן אַן אינטערוויו צום „קרישטשען הערעלד” און ער האָט געזאָגט אַז ער באַטראַכט זיך אַלס אַ קריסט . . . ” אויפן מאָמענט זיינען מיך באַפאַלן פאַרשידענע געדאַנקען. צום סוף האָב איך באַשלאָסן, אַז איך וועל אַוועקפאָרן קיין לאָס אַנדזשעלעס, דאָרטן אויסגעפינען וואו שלום אַש וואוינט, און גיין צו אים, פרעגן, זאָל ער מיר זאָגן צי דאָס איז דער אמת?

אָבער יענעם פרימאָרגן האָט שטאַרק געדעגנט. האָב איך זיך געשטעלט לעבן פענצטער און געוואַרט, ווען ס'וועט אויפהערן רעגענען, דאַן וועל אַוועק־פאָרן.

נאָר אָט האָט זיך מיטאַמאָל לעבן מיין הויז אָפּגעשטעלט אַן אויטאָמאָביל, און פון אים זיינען אַרויסגעקומען צוויי מענטשן: אַ מאַן מיט אַ פרוי. דער פרויס

קאָפּ איז געווען איבערגעדעקט (צוליבן רעגן), דאָך האָב איך זי גלייך דערקענט. דאָס איז געווען מיין פריינדין גאָלדע. ווען זי מיט דעם מאַן זיינען שוין געשטאַנען לעבן מיין טיר, האָט מיין מויל אַ געשריי געטאָן — „דאָס איז שלום אַש!״

איך האָב געפילט ווי מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרק. איך האָב אין דעם געזען אַ נס! . . . און איך האָב גיך פאַר זיי געעפנט די טיר.

איך האָב קוים געקענט אַרויסזאָגן אַ פּאָר ווערטער, אַריינבעטנדיק זיי ביידן אין שטוב אַריין. ווען איך האָב זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָב איך גע־טראַכט: אַז באַלד פערציק יאָר האָב איך געוואַרט צו דערזען מיין שרייבער, און אָט איז ער צו מיר געקומען . . . אָבער וואָס קען איך איצט אַ צו אים זאָגן? וואָס זאָל איך אים פרעגן? ער איז דאָך מיין גאַסט! . . .

מיין פריינדין גאָלדע האָט מיר גלייך אינפאָרמירט וועגן זייער פּלוצימדיקן קומען צו מיר אין שטוב אַריין. זי איז געווען אין פּאַלם ספּרינגס, האָט זי דאָרטן באַגעגענט שלום אַשן. איצט פאָרן זיי ביידע קיין לאָס אַנדזשעלעס. נאָר אַדורכפאָרנדיק אָנטאַריא האָט זי פאָרגעשלאָגן אַשן מ׳זאָל זיך אָפּשטעלן ביי משה ווייסמאַנען.

איך האָב אַשן געהאָלפן אויסטאָן זיין רעגנמאַנטל, און מיר האָבן זיך אַלע דריי אַוועקגעזעצט רעדן, וועגן דעם רעגן.

נאָכדעם האָב איך מיין יידישע צייטונג (מאָרגן זשורנאַל) צוגעטראָגן צו אַשן, און כ׳האָב אים אָנגעוויזן דאָס שטיקל „נייעס״. אַש האָט עס געלייענט און געשוויגן. נאָר באַלד האָט זיין פּנים זיך פאַררויטיקט, די צייטונג אין זיינע הענט האָט זיך צעציטערט, עס האָט פון אים אַ פלאַם געטאָן דער כעס . . . און ער האָט די צייטונג פון זיך אַ שליידער געטאָן —

— „יאַך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מאַנע ווערטער, ווען איך אַליין שראַב זיי אָן!״ — האָט ער געזאָגט.

אַ קליינע ווײַלע זיינען מיר געזעסן שטיל. אין מיין געדאַנק האָב איך געהאַט אַ סך וואָס צו רעדן מיט אים. איך האָב אָבער מורא געהאַט אַז מיינע פראַגעס וועלן אים נאָך צערייצן. און ער איז דאָך ביי מיר אין שטוב: דערפאַר האָב איך ניט דאָס רעכט. בפרט ווען איך האָב געוואַרט קנאַפּע פערציק יאָר . . . צו באַגעגענען זיך מיט מיין שרייבער, פּנים אל פּנים.

שלום אַש האָט אַליין באַלד גענומען רעדן צו מיר:

— „אַז זיי פאַרטראַבן מיר! . . . זיי (די יידישע שרייבער) ווילן מיר פאַרטראַבן! מ׳האָט אמאָל ברוך שפּינאָזאן אויכעט פּרטריבן! . . . יאַך וויל האָבן מאַנע מיינונגען, יאַך וויל מאַנע געדאַנקען אַרויסזאָגן אַזוי ווי יאַך וויל . . . דערפאַר ווילן זיי מיך פאַרטראַבן! . . . ״

און ער איז ווידער געבליבן שטיל.

עס איז מיר געווען פּיינלעך דאָס צו הערן פון אים. אַזעלכע רייד צו דערהערן פון אים האָב איך ניט דערוואַרט. — „באשר מען איז ניט איינ־

שטימיק מיט אים. מען קריטיקירט אים, איז דערמיט פאַרטרייבט מען אים? און דערפאר וויל ער ווערן אַ צווייטער שפינאָזע? . . .״ — האָב איך אין מיין געדאַנק געטראַכט, נאָר אַרויסגעזאָגט האָב איך עס ניט. איך האָב געוואוסט אַז איך בין ניט בכוח צו פירן אַ וויכוח מיט שלום אַשן.

ווען שלום אַש האָט זיך בארואיקט, איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. ער איז געוואָרן פריינטלעכער, און ער האָט צו מיר שטיל גערעדט. ער האָט מיר געזאָגט אַז איצט פאָרט ער קיין לאָס אַנדזשעלעס אָפּצוענטפערן אויף די טעלעגראַמעס וועלכע ער האָט דערהאַלטן פון אַ סך מענטשן וועגן זיין „אינ־טערוויו״. ער האָט געמאכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז עס טוט אים באַנג. ער פאַרמאָגט אָבער ניט דעם שטאַרקן כאַראַקטער, ער זאָל קענען צוגעבן, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ שלעכטע זאַך. ער איז ווי ניט ביי זיך אין די הענט; ער לאָזט זיך פאַרטראָגן פון אַ ביטערן געפיל אַנטקעגן די „יידישע שרייבער״ וואָס ווילן אים „פאַרטראַבן״ . . .

מיר האָבן נאָך אַ ביסל געשמועסט וועגן קלייניקייטן, און גאָלדע האָט נאָכדעם געזאָגט אַז דער רעגן האָט זיך אָפּגעשטעלט, און מ׳קען שוין פאָרן קיין לאָס אַנדזשעלעס.

ווען איך בין פאַרבליבן אַליין, האָב איך לאַנג געטראַכט פון דער אומ־דערוואַרטעטער, ביי מיר אין שטוב, סיטואַציע. און איך בין געקומען צום שלוס, אַז איך דאַרף גלייך שרייבן אַ בריוו קיין ניו יאָרק, דערציילן וועגן דעם. האָב איך געשריבן צו מיין פריינט יעקב גלאַטשטיין. איך האָב אים אָנגעפרעגט, צי די יידישע שרייבער וואָלטן געדאַרפט שריפטלעך זיך דורכרעדן מיט אים.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, און גלאַטשטיין האָט מיר געענטפערט אַ בריוו. צווישן אַנדערעס האָט ער צו מיר געשריבן: — „איך שאַץ אָפּ אייער באַזאָרגט־קייט, און אויך אייער ערלעכקייט, אין אייער באַציאונג צום שרייבער שלום אַש. אָבער שלום אַש האָט זיך געשטעלט קעגן גאַנצן פאָלק, און ער וויל נאָך די פרייהייט צו פריידיקן, אָדער פאַקטיש פירן צו שמד. אַזאַ פרייהייט קען אַ שוואַך פאָלק אים נישט געבן״.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, און איך האָב זיך איבערצייגט אַז גלאַטשטיין, אין זיין ענטפער צו מיר, איז געווען גערעכט. ווייל מיט אַ צוויי וואָכן שפּעטער, האָט שלום אַש ווידער „געגעבן אַן אינטירוויו״ צו דער לאָס אַנדזשעלעסער צייטונג „דיילי ניוס״. אויף פראַגעס, וואָס מען האָט אים דאָרט געשטעלט, האָט ער זיי געענטפערט מיט די דאָזיקע ווערטער:

— ״געוויס בין איך פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס איז אָנגערופן געוואָרן „די קריסטלעכע באַוועגונג אין דזשודאַאיזם״. מיר ווייסן נאָך ניט די פולע געשיכטע פון דעם וואָס איז געשען אין קריסטוסעס לעבן. איך קען זאָגן, אַז לויט מיין אייגענער געשטאַלטונג, פון יעזוס קריסטוס און זיין מיסיע אויף דער ערד, בין איך אַ קריסט. אָבער מיין קאָנצעפּציע איז ניט די זעלבע וואָס

איז אָנגענומען, זאָגן מיר פון דער קאַטוילישער קירך. איך נעם אָן זייערע לערעס ווי הונדערט פּראָצענט אין גייסט פון אונדזערע נביאים. אָבער, וועגן דעם אַז ער זאָל זיין דער זון פון גאָט, ווייס איך נישט״.

(דאָס איז אַ ווערטערלעכע איבערזעצונג פון דער ענגלישער „דיילי ניוס״, דעם 18טן פעברואַר 1944.)

שלום אַש האָט נאָכדעם דאָס דערמאָנטע אויך אָפּגעלייקנט. און די לאָס אַנדזשעלעסער יידן האָבן אים ניט געגלויבט. נאָר די יידן פון דער „פּראָגרע־סיווער באַוועגונג״ האָבן אים יאָ געגלויבט.

— — — שלום אַש איז געוואָרן אַ תושב אין לאָס אַנדזשעלעס. און די „פּראָגרעסיווע״ באַוועגונג האָט אויף דעם סמך צוגעגרייט לכבוד אים אַ קבלת־פּנים, טאַקע דעם זעלביקן מאָנאַט, דעם 20טן פעברואַר, 1944.

אוודאי האָט מען וועגן דער „צוגרייטונג״ אינם נאָמען פון אַלע יידן, אין שטאָט ,אַ סך גערעדט. עס האָבן אָבער ביי יידן זיך דערוועקט מיינונגס־פאַר־שידנהייטן, ביז עמאָציאָנעלע ״דיסקוסיעס״: צי דאַרף מען גיין מקבל־פּנים זיין אַזאַ גרויסן שריפטשטעלער, צי ניט? . . . דער צד קעגן האָט געטענהט, אַז אַ יידישער שרייבער פון אַזאַ גרויסן פאַרנעם ווי שלום אַש, האָט ניט געטאָרט גלאָריפיצירן די פּערזאָן וועלכע האָט גורם געווען, אַז זיינע נאָכפאָלגער זאָלן פאַר צוויי טויזנט יאָר פּייניקן דאָס יידישע פאָלק, פאַרפאָלגן ביז מוראדיקער אויסראָטונג . . .

און מ׳איז צום קבלת־פּנים ניט געגאַנגען: אַחוץ די וועלכע האָבן אים געגלויבט ווען ער האָט עס אָפּגעלייקנט.

יענער זונטיקדיקער טאָג איז געווען אַ מבולדיקער. אינדרויסן האָט גע־כליאָפּעט אַ רעגן מיט אַ האָגל. דאָך האָבן אַריינגעשטראָמט אין דעם גרויסן פילהאַרמאָניק טעאַטער פופצן הונדערט מענטשן פון דער „פּראָגרעסיווער״ באַוועגונג. זיי זיינען געקומען אָפּגעבן כבוד זייער באַרימטן שרייבער שלום אַש . . .

ווען שלום אַש איז אַרויף אויף דער בינע, האָט ער געקראָגן אַ רוישנדיקע אָוואַציע. נאָר שלום אַש איז געשטאַנען אַ צערודערטער.

איך בין אויך דאָרטן געווען, און איך האָב ניט אַראָפּגענומען פון אים מיינע אויגן. איך האָב געזען ווי אומרואיק ער שטייט דאָרטן אויף דער בינע, אַרומגערינגלט פון אַלע זיינע פאַרערער, די פירער פון דער באַוועגונג.

און קוקנדיק אויף אים, האָב איך געטראַכט: אָט שטייט אויף דער בינע אַ שרייבער וועלכער האָט מיט זיינע באַרימטע יידישע ווערק באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור. ער איז דער באַוואוסטער יידישער שרייבער אין דער וועלט. זיינע יידישע ווערק האָבן יידן געלייענט און זיינען געוואָרן באַוואוסט־זיניק בנוגע זייער אייגן פאָלק. ער וואָלט דאָך דאָ געדאַרפט באַגריסט ווערן פון

אַ צען־פֿאַכיקן עולם, זיינע לייענער, און ער וואָלט פֿאַר זיי געשטאַנען מיט אַ געהויבענעם קאָפּ.

אָבער פֿאַרוואָס איז ער דאָ אַזוי אומרואיק? איז עס דערפֿאַר ווייל ער זעט דאָ דעם עולם „חסידים" מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגערינגלט, און קיין אנדערע פֿון זיינע לייענער זעט ער ניט דאָ?

איז דאָס וואָס ער האָט געוואָלט? איז ער געקומען אַהער אַראָפּרעדן זיך פֿון זיין האַרצן, בלויז פֿאַר זיי? זיי גלויבן דאָך אים! . . .

נאָר אָט שטעלט זיך אויף דער פֿאַרזיצער "פֿאַרשטעלן" די וועלכע האָבן פֿאַרנומען די בינע. ער רעכנט אויס יעדן איינעמס וויכטיקייט, און צום סוף שטעלט ער פֿאַר שלום אַש לאַנג־יאָריקע פֿריינט, די הירשביינס.

אסתר האָט דאָס וואָרט: — „שלום אַש איז דער גרויסער יידישער שרייבער, דער פֿאַרפֿאַסער פֿון „שטעטל", פֿון „שלמה נגיד", פֿון „תהילים ייד", און אַנדערע, ביז זיינע לעצטע ווערק „דער מאַן פֿון נצרת" און „דער אַפּאָסטל".

„אַש האָט געשילדערט אונדזער פֿאָלק אין אַלע זיינע געשטאַלטן, בייגונגען און אָפּנייגונגען. שלום אַש נייטיקט זיך נישט אין קיין שבחים. עס זיינען דאָ חלוקי דעות אין שייכות מיט זיינע צוויי לעצטע ווערק. מען באַשלודיקט אים אין קריסטלעכע נייגונגען. פֿאַר דעם וועט שוין זיין קינסטלעריש־שטורמישע נשמה אַליין קעמפֿן און געפֿינען דעם אמת. אָבער איינס ווילט זיך מיר יאָ זאָגן: קריסטנטום האָט געטראָגן די מיסיע פֿון ליבע מיט דעם קרבן פֿון בלוט און האַס. אויב מיר דאַרפֿן רעווידירן אונדזער באַציאונג אין שייכות צום קריסטנטום, דאַרף דאָס קריסטנטום אוודאי און אוודאי אונטערציען דעם סך־הכל פֿון טויזנטער יאָריקע פֿאַרפֿאָלגונגען: דאָ ווערן מיר געפּייניקט פֿון איין אומגליק, און דאָ ווערן מיר געטריבן פֿון פֿינצטערע קאַטאַסטראָפֿעס. מאָנען מיר ביים קריסטנטום אַ דין וחשבון. אונדזער מאַרטירער־וועג הייבט זיך אָן זינט קריסטנטום האָט אויפֿגעהויבן דעם סימבאָל אינם געשטאַלט פֿון אַ געקרייציקטן יידישן מאַן. אין נאָמען פֿון יענעם הייליקן סימבאָל האָט מען אונדז געפּייניקט מיט אינקוויזיציעס, פֿאַרפֿאָלגט און געפּייניקט דעם יידישן גוף און יידישע נשמות. צוליב דעם אַליין איז דאָס קריסטנטום גייסטיק און מאָראַליש געפֿאַלן. איך וויל ניט שאַנעווען די קירך, ווי די קירך האָט ניט געשאַנעוועט דאָס יידישע פֿאָלק! . . ." — האָט אסתר פֿאַרענדיקט איר רעדע.

דער צווייטער באַגריסער איז געווען פּרץ הירשביין:

און ער האָט געזאָגט: — „פּונקט אַזוי ווי די זון, וואָס באַשיינט אונדזער לעבן, האָט אַ „טבע" צו באַהאַלטן זיך אונטער אַ וואָלקן, און עס ווערט אונדז אומעטיק אויפֿן האַרצן דערפֿון, אַזוי האָט שלום אַש זיך איצט אויך פֿאַרשטעלט אונטער אַ וואָלקן, און עס האָט אָנגעהויבן צו בליצן און דונערן . . . אָבער עס וועט לאַנג ניט נעמען און ער וועט ווידער אויפֿשיינען און באַלייכטן אונדזער יידישן לעבן. שלום אַש גלויבט אַז משיח איז געקומען. און ער זיצט

ערגעץ אין די טויערן פון רוים. און איך זאָג, אַז דערווײַלע זיצט נאָך משיח אין די טויערן פון סדום . . . עס וועט נאָך נעמען אַ לאַנגע צייט ביז ער וועט אויף זיין וויסן אייזל צו אונדז דערגרייכן . . . ״ — האָט פּרץ הירשביין זיין רעדע פאַרענדיקט.

נאָך אַ ריי אַנדערע באַגריסער, האָט געקראָגן דאָס וואָרט שלום אַש אַליין. ער האָט זיך געשטעלט רעדן פאַרן עולם. ער האָט אָנגעהויבן זיין רעדע מיט אַן אַפּלייקענונג, אַז אַלץ וואָס מען זאָגט אין די יידישע צייטונגען וועגן אים, איז ניט אמת.

— ברידער און שוועסטער! אַ יאָ איך האָב נאָך אַ רעכט צו רופן אייך ברידער און שוועסטער? . . . יידן, זאָלט איר וויסן זיין, זיינען אַ טאָלעראַנט פאָלק. ניין! איך האָב נישט געזינדיקט און איך האָב נישט פאַרוואָס צו פאַר־ענטפערן זיך. דאָס וואָס איך בין, בין איך. צו באַשולדיקן מיך, אַז כ׳האָב אויפגעגעבן מיין אמונה, איז פאַרברעכעריש. מיין איינציקע אמונה איז „שמע ישראל״. און עס איז דאָ ביי אונדז יידן אַ פּסוק, וואו עס זאָגט זיך אַז מ׳האָט נישט קיין רעכט צוריק צו וויזן אַ יידן כל־זמן ער אַליין זאָגט ער איז אַ ייד״.

ווען אַש האָט געזאָגט די ווערטער, איז אויף אים געוואקסן די אומרו . . . ער האָט געהויבן זיין שטים אַלץ העכער, און ער האָט געברענט מיט צאָרן פארוואָס מען באשולדיקט אים אין „אויסבייטן זיין אמונה״. ער האָט זיך אוועק־געשטעלט ביים סאַמע בּרעג אויף דער בינע, און ער האָט דעם עולם געפרעגט:

— „פאַרוואָס בין איך אַהער געקומען פאַרענטפערן זיך פאַר אייך? וואָס קענט איר מיר געבן? כבוד? געלט? אַז די אלע זאכן קען איך גיכער באקומען ביי „זיי״! . . . אָבער צו וואָס טויג עס מיר? אַז אָן אייך הער איך אויף צו זיין שלום אַש! . . . איך באַלאַנג צו אייך . . . איז דאָס פאַר אייך ניט גענוג? נאָר אפשר גלויבט מיר עמיצער פון אייך ניט, טאָ זאָל יענער ארויפקומען און מיך אונטערזוכן, צי איך טראָג אויף זיך אַ טלית־קטן!״ . . .

— שלום אַשס ווערטער האָבן זיך געלייגט ווי בליי אויף די הערצער פון זיינע צוהערער . . . מען איז געזעסן שטיל.

דערנאָך האָט אַש איבערגעזאָגט אַ שטיקל „דרוש״ אין שייכות מיט דעם אונטערגאַנג פון בית המקדש, און ער האָט אַרויסגעברענגט דעם דאַזיקן געדאַנק —

„צו וואָס טויג אַ יידיש פאָלק אָן יידן? לאָמיר אָפריער אָפּראַטעווען יידן. דאן וועט זיין אַ יידיש פאָלק. אז אלץ וואָס יאַך וויל, איז אָפצוראטעווען לעבע־דיקע יידן. מיר דאַרפן קומען צו אַ פאַרשטענדעניש מיט „זיי״. ווען „זיי״ האָבן צוגענומען יעזוסן, האָבן זיי אויך אָנגענומען אונדזערע נבאים, דערפאַר דאַרפן מיר קומען צו אַ פאַרשטענדעניש מיט זיי!״

דער עולם האָט געשוויגן. ס׳האָט אים קיינער ניט אַפּלאָדירט . . . עס איז

געוועזן אַ פֿיינלעך שווייגן . . . און אַש האָט עס געפֿילט. דערפֿאַר איז ער באַלד איבערגעגאַנגען צו אַ צווייטן „געדאַנק״ —

— „פֿאַרוואָס זאָלן מיר מורא האָבן צו מאַכן שותּפֿות מיטן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד? דער רוח הקודש האָט געשאַפֿן אַזעלכע נביאים ווי לענין און רוזוועלט. זיי וועלן העלפֿן ראַטעווען דאָס יידישע פֿאָלק . . . ״

זיין עולם האָט אים הילכיק אַפּלאָדירט. און שלום אַש האָט אויף אַ דראַ־מאַטישן אופֿן זיך צעוויינט, אויסרופֿנדיק: — „יידיש פֿאָלק פֿון היינט! לאָמיר זיך אַלע פֿאַראייניקן אין אַ מלחמה מיטן פֿאַשיזם! ארץ ישראל זאָל ווערן איבערגעגעבן צום יידישן פֿאָלק! . . . ״

(דאָס דאָזיקע איז שוין געווען אָפּגעדרוקט אין דער „פֿרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 7־טן מערץ, 1944.)

## ביי שלום אַשן אין זיין נייער היים

איך בין אָנגעקומען צו די הירשביינס אַ זונטיק אינדערפֿרי, צו פֿאַר־ברענגען מיט זיי דעם טאָג. נאָר באַלד איז גאָלדע אין איר נייער מאַשין אויך געקומען. זי האָט פֿאָרגעשלאָגן מען זאָל אַלע אַוועקפֿאָרן צום ים.

עס איז דאַן געווען אַ וואַרעמער טאָג, און טויזנטער מענטשן האָבן זיך געבאָדן אין ים. פּרץ האָט אויסגעטאָן זיינע שיך און זיך געלאָזט גיין אַ שפּאַציר לעבן סאַמע ברעג: אַז די שוימיקע וואַסער־כוואַליעס, ווען דער ים שיקט זיי אַרויס צום ברעג, זאָלן אַ וואַש טאָן זיינע באָרוועסע פֿיס.

און פֿאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך „געגרייט אין ים אָפּצוטונקען״ . . . האָבן מיר זיך גענומען גרייטן צוריק צו פֿאָרן קיין לאָס אַנדזשעלעס. נאָר אסתּר האָט געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג, אַז מיר זאָלן פֿריער צופֿאָרן צו די אַשעס, וועלכע וואוינען אויף די בערג, ניט ווייט פֿון ים.

האָט גאָלדע צוגעפֿירט איר מאַשין, און מיר האָבן זיך אריינגעזעצט אין איר, געפֿאָרן באַרג אַרויף, און אָנגעקומען אויף אַ שטילער גאַס מיט שיינע הייזער און בלומען לעבן יעדן הויז באַוואַקסן.

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן איינע פֿון די הייזער. און ס'זיינען באַלד אַרויסגעקומען די אַשעס: זיי האָבן אונדז אויפֿגענומען מיט אַ גרויסער פֿרייד, און אונדז געבעטן אין שטוב אַריין צו גיין.

די שטוב האָט אויסגעקוקט גביריש, גראַם און ציכטיק מיט אַ סך רחבֿות־דיקע צימערן, אויבן און אונטען. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אין דעם גרויסן אויפֿנאַם־צימער, מען האָט זיך געביטן מיט ווערטער, און נאָכדעם האָט מען גענומען זיך אַרומקוקן. און עס איז געווען אויף וואָס צו קוקן: אָט שטייען אַלטע מעבל־אַנטיקן; עס שטייען שאַפֿעס מיט יקר־המציאותדיקע ספֿרים אָנגעלאָדן; עס שטייען אַלמערס מיט זילבערנע אָרנאַמענטן: בשמים־ביקסלעך און אתרוגים־

פושקעס — אַלץ אַזעלכע אַנטיקן וואָס זיינען אַ זעלטנקייט זיי צו באַקומען.

און שלום אַש איז אויפגעלייגט, ער איז צופרידן פון זיינע אומדערוואַרטעטע געסט, די הירשביינס. ער ווערט באַרעדעוודיק, און ער ציינט אונדז אַן אויף יעדער זאַך — אָט איז אַן אַלטמאָדישער אַלמער מיט אַלטע יידישע ספרים. אַש נעמט פּאַרזיכטיק אַרויס אַ ספר פון אַלמער, און ער עפנט די טאָוולען, ער מישט די אַלטע בלעטער, ער לייענט אַ שורה דאָ, אַ שורה דאָרט, און ער דערקלערט ווי אַלט דער ספר איז. נאָכדעם נעמט ער אַרויס אַן אַלטן סידור, און ער זאָגט אַז דער אָ סידור איז אַ זעלטענע קאָפּיע נאָך פונם ערשטן דרוק, מיט הונדערטער יאָרן צוריק. ער ציטערט אַזש האַלטנדיק דעם סידור אין האַנט, און ער וויל אים פון זיין האַנט ניט אַרויסגעבן.

און דערנאָך ווייזט ער אונדז אַנדערע טייערע אַנטיקן, וועלכע ער האָט אויפגעזאַמלט, אַרומפאָרנדיק איבער דער וועלט.

צולעצט פירט ער אונדז אַריין אין זיין אַרבעט־צימער, וואו ער זיצט און שרייבט זיינע ווערק. ער עפנט אַ שופלאַד, און ער נעמט פון אים אַרויס אַ מאַנוסקריפּט אין שוואַרצע טאָוולען געבונדן: — „אָט דאָס איז דער אָריגינאַל געשריבענער דער תהילים ייד" — האָט ער געזאָגט, און האָט דערביי דערציילט אַז מ'האָט אים אָנגעבאָטן אַ סך געלט פאַר דעם אָריגינאַל. נאָר ער האָט באַשלאָסן אים אַוועקצושענקען צום „יעיל אוניווערזיטעט".

ווען ער האָט אַלץ שוין באַוויזן, זיינען מיר אַלע געגאַנגען צוריק אין גרויסן צימער אַריין, זיך אויסגעזעצט אויף די ווייכע שטולן און קאַנאַפּעס.

אַש האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיין אַלטן פריינט פּרץ הירשביין. זיי זיינען ביידע פאַרגאַנגען אין אַ טיפן חברשן שמועס.

רעדנדיק האָט זיך שלום אַשס קול געהויבן אַלץ העכער, געוואָרן צאָרנדיקער ווען ער האָט דערמאָנט די לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט זיי שטאַרק געטאַדלט פאַר זייער גלייכגילט צום יידישן שרייבער — דער יידישער שרייבער, וועלכער מוז לעבן „פון האַנט אין מויל". מען באַזאָרגט אים ניט מיט קיין פּרנסה: ער זאָל קענען רואיק זיצן און שרייבן. ער האָט געלויבט די אָרטאָדאָקסיע, וועלכע האַלטן אויס זייערן אַ רב בכבוד. דערנאָך האָט ער דערמאָנט זיין אייגן שווער לעבן, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן „פאַר זיי" . . .

און פּרץ הירשביין האָט געשוויגן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען אַז אַש מיינט אים. אָבער, איך האָב אויף הירשביינס פּנים אַראָפּגעלייענט וואָס ער טראַכט הערנדיק שלום אַשס רייד. וואָלט ער דאָס צו אים אַרויסגעזאָגט, וואָלט אַש דערהערט די דאָזיקע ווערטער: — „באַדויער מיך נישט, שלומקע . . . עס איז מיר גאָרנישט אַזוי שלעכט. מקנא בין איך דיר נישט; נישט דיין געלט און נישט דיין רום. דו לעבסט זיך טאַקע אין אַ רייכער הים, נאָר דיר איז דאָ אומעטיק . . . דיין טיר שטייט אַ צוגעמאַכטע, און ביי מיר איז די טיר אַן

אָפּענע. דו האָסט דערוווייטערט פון זיך דיינע פאָלקס־מענטשן, און עס קומען צו דיר „אַנדערע״ לייט . . . אָבער נישט דיינע אַלטע קאָלעגן. און דו בענקסט נאָך זיי . . . דו זאָגסט עס נישט אַרויס. און איך זאָג עס דיר אויך נישט, ווייל איך שאָנעווע דיר, שלומקע! . . .״

— — — עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, און די דרויסנדיקע שטילקייט האָט זיך פאַרקליבן דורך די אָפענע פענצטער אין שטוב אַריין, און איך האָב געהאַט דעם געפיל אַז עס איז היינט דאָ, ווי אין אַמאָליקן קליינעם שטעטל, שבת־צו־נאַכט.

איך בין געזעסן פונוויטן אויף אַ שטול (כאָטש שלום אש האָט מיך געבעטן כ׳זאָל זיך צורוקן נענטער צו זיי) און כ׳האָב געקוקט אויף די צוויי באַרימטע יידישע שרייבער,ביידע פון איין צייט, און זייערע נעמען זיינען וועלט־באַקאַנט געוואָרן. ביידע זיינען זיי די זין פון דעם יידישן פאָלק, און אויף זייערע אייגנאַרטיקע אופנים האָבן זיי אין זייערע פילצאָליקע ווערק באַ־שריבן און פאַראייביקט אַן עפּאָכע פון אונדזער יידישן לעבן. אין די שפּעטער־דיקע יאָרן, וועלן די קומענדיקע יידישע דורות זיך דערוויסן וועגן אונדזער היינטיקן לעבן, טאַקע דורך זייערע געשריבענע ווערק.

איך האָב געטראַכט: ווי אַנדערש האָט דער גורל זייביידן אויסגעשטעלט פאַר דער יידישער געשיכטע! ווי ניט איינפאַרשטאַנען עס וועלן יידישע היס־טאָריקער זיין, ווען זיי וועלן אָפּדערציילן פאַר די קומענדיקע דורות, וועגן דעם רום וואָס די ביידע יידישע שרייבער האָבן זיך דערוואָרבן, שאַפנדיק זייערע ווערק.

שלום אַש האָט דאָך אויך, אַזוי ווי פּרץ הירשביין, אָפּגעגעבן זיינע בעסטע יאָרן, ווען ער האָט געשילדערט די יידישע פאָלקס־מעלות, און חסרונות, און געזאָגט צו דער וועלט: „אָט זעט ווי מיר אַליין דערזעען זיך אין אונדזער אייגענעם שפּיגל! . . . ״

און מיר, דאָס פאָלק, זיינע לייענער און באַוואונדערער, האָבן אים גע־ליבט און באַוואונדערט זיין גרויסן טאַלאַנט, נאָר באַצאָלט האָבן מיר אים מיט ניט קיין סך „זילבער״. אָבער דערפאַר האָבן מיר אים געצאָלט מיט פאָלקישער ליבשאַפט.

שלום אַש איז געווען ניט צופרידן: איז ער אפשר דערפאַר פון אונדז אַוועק? . . . האָט ער דערפאַר זיין גרויסן טאַלאַנט „פאַרמשכנט״ צו אונדזערע פאַרפאָלגער, אונדזערע אונטערדריקער, זינט צוויי טויזנט יאָר, און מיט דעם האָט ער פאַרשאַפט צער און ווייטאָג אין די הערצער פון זיינע פאָלקס־ברידער?

איך האָב זיך אין מיין אייגענעם געדאַנק געפרעגט: צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן? וואָס האָט אים געטריבן צו דעם? איז דאָס ביי אים געווען „זעלבסט־אויסדרוק״, וואָס איז געקומען צו אים פון זיין שפּרודלדיק־קינסט־

לערישן טאַלאַנט, און ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין אינערלעכן „רוף״, נאָר מיט זיין אייגענעם גלויבן האָט דאָס ניט קיין שום שייכות?

ווען דאָס וואָלט געווען אָט אַזוי אָ, דאַן וואָלט ער פאַר אונדז ניט גע־פריידיקט, אַז "מיר זאָלן צוריק נעמען יעזוסן, פון „זיי״, ווייל „זיי״ האָבן אויך אָנגענומען אונדזערע נביאים״. וויל ער אַז מיר „זאָלן קומען צו אַ פאַרשטענ־דעניש מיט זיי? . . .״

און איך האָב ווייטער געטראַכט: אָט האָב איך דאָך אַליין געזען, ווי שלום אַשן האָבן די הענט אַזש געציטערט, האַלטנדיק די הייליקע יידישע ספרים, וועלכע ער האָט פון שאַנק אַרויסגענומען. טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך ניט אויסגעקליבן פון זיי, אַ באַרימטן יידן פון יענער צייט, און לאָזן זיין רייכע פאַנטאַזיע אָנשרייבן אַ ווערק, אַז עס זאָל געבן אַ טרייסט דעם יידישן פאָלק, אין דער היינטיקער ביטערער צייט פאַר יידן, אומעטום? . . .

איז דען פאַר אונדז אַזוי גוט, אויסצוהערן די גערעכטע טענות וואָס קומען פון פאָלק, אַז ער, מיט זיינע לעצטע ווערק (קריסטלעכע) גראָבט אונטער דעם עצם יסוד, וואָס אויף אים האַלט זיך דאָס יידישע הויז, און דערפאַר דאַרף מען אים (אַזש) אַריינלייגן אין אַ חרם? . . . און וואָס קענען מיר אים ענטפערן ווען ער זאָגט: „מיר קענען זיך ניט פאַרגינען אין היינטיקע צייטן אָוועקצו־שטופּן בידים די מאָראַלישע קרעפטן וואָס עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט זיי אַרויסצוברענגען? וואָס זאָלן מיר אים ענטפערן?

אוודאי איז גוט וואָס ער בעט זיך „מ׳זאָל אים נישט פאַרטרייבן פונם יידישן פאָלק״. אַז ער וויל מ׳זאָל אים ניט פאַרטרייבן, דאָס איז קלאָר צי קען אָבער דאָס יידישע פאָלק מאַכן „קאָמפּראָמיסן״ מיט אים?! . . . — אָדער מען איז אַ ייד, אָדער מ׳איז ניט קיין ייד!

שלום אַש האָט הפנים זיך פאַרגעסן אינם פּסוק — „אם יום תעזבה יומים תעזבך״ (ווען דו וועסט זי (די תורה) פאַרלאָזן אויף איין טאָג, וועט זי דיר פאַרלאָזן אויף צוויי טעג).

אָט די געדאַנקען האָב איך געטראַכט זיצנדיק פונוויטנס, און קוקנדיק אויף די צוויי באַרימטע יידישע שריפטשטעלער: פּרץ הירשביין, און שלום אַש, רעדן צווישן זיך. און ס׳איז צו מיר געוואָרן קלאָר דער גרויסער אונטער־שייד פון זייערע ביידנס שאַפן אין דער היינטיקער צייט; עס האָט שלום אַש זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ „וועג״ וואו עס פאָרט זיך גרינג . . . און דער שכר־טרחה איז גרויס . . . דערפאַר מיינט ער אַז ער איז דער שמח־בחלקו, רעדנדיק צו זיין חבר הירשביין. נאָר הירשביין גייט, און וועט גיין, אויף דעם אַלטן שווערן וועג, אויף וועלכן ס׳זיינען געגאַנגען זיינע זיידעס, און עלטער־זיידעס; דערפאַר טאַקע איז ער דער צופרידענער.

— — — פלוצלונג האָט די מאַדאַם אַש זיך אַ הויב געטאָן פון איר זיץ, און זי האָט אָנגעצונדן אַלע עלעקטרישע לאָמפּן אין שטוב. אין דער רחבות־

דיקער שטוב איז מיטאַמאָל געוואָרן ליכטיק. און דער קליינער עולם איז וואַך און לעבהאַפטיק געוואָרן. מען האָט איינע די אנדערע אויף אַ ווילע זיך אָנ־געקוקט, גלייך מען וואָלט זיך פון ערגעצן אומגעקערט, און מ׳האָט אַלע צופרידן געשמייכלט.

דערנאָך האָט זיך שלום אַש צוגעזעצט צו דעם יונגן עמוס הירשביין, און אים געבעטן, ער זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן דער פּיאַנאָ עפּעס אויסשפּילן. נאָר עמוס האָט זיך געלאָזט אַ ביסל „דינגען", נאָכדעם האָט ער אים צוליב געטאָן.

די מאדאם אש האָט זיך פאַרנומען אין קיך אריין, און זי האָט צוגע־גרייט אויף צו נעמען עפּעס אין מויל אריין.

— — — ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט ווען די אַשעס האָבן אונדז אַלעמען אַרויסבאַגלייט פון זייער דערוואַרעמטער שטוב אינם קילן דרויסן אַרויס. מיר האָבן אַלע זיך אַריינגעזעצט אין גאָלדעס מאַשין. די אַשעס זיינען פאַרבליבן שטייענדיק, און מיט זייערע פאַרבענקטע בליקן נאָכגעקוקט די אַוועקגעפאָרענע געסט . . .

(דאָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער „קאַליפאָרניער א. ש." אין יאָר 1944)



# דער פֿאַרשוויגענער „סוד"

„מיסעס קעמפּבל" איז דער נאָמען פון דער פרוי. זי איז אַ הויכע, אַ שיינע, אין איר אומגאַנג מיט מענטשן, זעט מען אַז זי פֿאַרמאָגט פיינע מאַניערן.

זי איז אַ פּראָפעסיאָנאַלן, און די יעניקע וועלכע זי באַדינט האָבן צוטרוי צו איר. קוקנדיק אויף איר, קען מען מיינען אַז זי איז אַלעמאָל געווען אַ צופרי־דענער מענטש. עס איז אָבער ניט ווי מען מיינט; זי האָט געהאַט שווערע דאגות, מחמת זי פֿאַרמאָגט דריי דערוואקסענע קינדער, צוויי יינגלעך מיט איין מיידל, און זי האָט פון זיי געהאַט אַ סך צער . . .

דאָס ווייטערדיקע איז אַ טייל פון איר לעבן, און ווי אַזוי זי איז צו דעם געקומען.

מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז „מיסעס קעמפּבל" געווען אַ יידיש מיידל, און זי האָט פֿאַרמאָגט יידישע טאַטע־מאַמע. זי געדענקט זיך אַלס „טין איידזשער" (יונגע יאָרן), ווען זי איז אַלט געווען פערצן יאָר, האָט זי שוין געוואוסט דעם אונטערשייד פון צו זיין פרום, און ניט פרום. אירע אייגענע טאַטע־מאַמע זיינען ניט געווען קיין פרומע יידן. ביי זיי אין שטוב האָט זיך מיט גאָרניט אָנגעזען דאָס יידישקייט: סיי וואָך און סיי יום־טוב. זי האָט קיינמאָל ניט געהערט פון זיי קיין יידיש וואָרט, און זיי האָבן קיינמאָל ניט באַזוכט קיין יידישע שול. זיי זיינען „פרייגעזאָנענע" מענטשן געווען. און איר מאַמע האָט זיך געקהלט צווישן קריסטלעכע פרויען, מער ווי מיט יידישע.

און זי אַליין האָט זיך אויך געחברט מיט קריסטלעכע מיידלעך: ערשטנס, זיינען יענע געווען אירע שכנים; צווייטנס, די יידישע מיידלעך, מיט וועלכע זי האָט זיך געקענט, האָבן זיך צו איר ניט „צוגעקלעפּט".

אָבער איינמאָל, פאַר אַ קריסטלעכן יום־טוב, האָט איינע פון אירע חברטעס איר אָנגעזאָגט די גוטע נייעס, אַז דעם קומענדיקן זונטיק וועט אַ באַרימטע גלח האַלטן אַ רעדע ביי „זיי אין טשוירטש", און זי לאַדט איר איין זי זאָל מיט איר גיין הערן די רעדע.

זי איז געגאַנגען. זייענדיק דאָרטן אין טשוירטש, האָט זי זיך שוין צוגעהערט צו די „תפילות" (סוירוויסעס), און זי איז שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער שטילער פייערלעכקייט וואָס דאָרטן האָט געהערשט, און אויף איר צאַרטער נשמה האָט עס אַ טיפן איינדרוק געמאַכט . . .

ווען זי איז געקומען אַהיים, האָט זי דאָס אָפּדערציילט צו אירע טאַטע־מאַמע, און זיי האָבן איר אפילו ניט „אויסגערעדט" למאי זי איז געגאַנגען אין 'טשוירטש" . . . און אַזוי ווי דער אָנהייב איז געווען אַ גוטער, האָט זי זיך ניט אָפּגעזאָגט פון צו גיין אַהין אַ צווייטן מאָל, און אַ דריטן מאָל . . .

ביסלעכווייז האָט זי זיך באַקענט מיט נייע קריסטלעכע יונגעלייט. יענע האָבן זי אויך פאַרבעטן צו זיך אין די שטיבער אַריין. און אירע עלטערן האָבן ניט געזען „קיין בייז אין דעם"; האָבן זיי איר ניט געשטערט, ווייל זיי האָבן „געזען" ווי זייער איינציקע טאָכטער איז אַלעמאָל אין אַ „גוטער שטימונג", ווען זי איז מיט „זיי צוזאַמען" . . .

אָבער עס געדויערט ניט לאַנג, ווען פון אַ יונג מיידל ווערט אַ „יונגע פריילין", און יונגע־לייט „נעמען וואַרפן אויגן אויף איר" . . . און די „אויגן", וועלכע האָבן אויף איר געקוקט, האָבן באַלאַנגט צו קריסטלעכע יונגעלייט . . . טאָקע צו די וועלכע זי האָט זיך מיט זיי באַקענט געמאכט אין „טשוירטש".

די טשוירטש איז צו איר האַרץ „געוואָרן אַלץ נאָענטער" . . . זי איז טיף באַאיינדרוקט געוואָרן פון די צערעמאָניאַלע פייערלעכקייטן און די אילומינאַ־ציע־עפעקטן האָבן איר סענסיטיווער נשמה געפאַנגען . . . זי איז נאָכדעם שוין געוואָרן „ אַן אָנהענגערין פון דער קריסטלעכער רעליגיע" . . . און שפּעטער איז זי געקומען צו אַ באַשלוס: זי האָט געפונען דאָס, נאָך וועלכן עס האָט געבענקט איר האַרץ . . . דער גלויבן אין קרייסט, האָט באַפרידיקט איר „אויסגעהונגערטע נשמה" . . .

ווען זי איז געוואָרן ניינצן יאָר אַלט, איז זי שוין געווען שטאַרק פאַרליבט אין איינעם פון אירע קריסטלעכע יונגעלייט. און ווען זי איז אַלט געוואָרן איין און צוואַנציק, האָט זי „קעגן דעם וואונטש" פון אירע טאַטע־מאַמע, מיט איר געליבטן חתונה געהאַט. און זי איז אַריבער געגאַנגען צום קריסטנטום.

גלייך נאָך דער חתונה, האָבן דאָס יונגע פּאָרל זיך באַזעצט אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע.

דער יונגערמאַן האָט גרינג באַקומען אַ שטעלע צו אַרבעטן. ער איז געווען אַ גוטער מעכאַניק, און ער האָט אַ סך פאַרדינט. די צוויי יונגע מענטשן האָבן זיך איינגעאָרדנט, און זיך אויפגעפירט אַזוי ווי אַנדערע „פרומע קריסטן": געגאַנגען אין אַ טשוירטש לויט זייער אויסקלייב, און געלויבט דזשיזוסן.

אין אַ משך פון פינף יאָר, האָט דער גוטער גאָט זיי באַשערט מיט דריי קינדער: צוויי יינגלעך מיט איין מיידל. דאָס מיידל איז געווען די עלטסטע.

אָבער „פּלוצלונג" איז ביי זיי געקומען צו אַן איבעררייס, אין זייער פרומען, צופרידענעם לעבן . . . מיסטער קעמפּבעל, דער פאָטער פון די דריי קינדער, האָט איבערגעזאָלט זייער מוטער מיט זיי צוזאַמען . . . און זי איז פאַרבליבן בלויז מיט נאָמען „קעמפּבעל", ניט מער . . .

דאָס איז פאַר איר געווען אַ גרויסער קלאַפּ, און זי איז פאַרבליבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ. דאָס איינציקע „אָרט" וואוהין זי פלעגט זיך אַמאָל אַריינ־כאַפּן זוכן אַ טרייסט, איז געווען די טשוירטש, אין וועלכער זי האָט זיך אויס־געלעבט איר פרומען לעבן דורך די ניין יאָר וואָס זי האָט געלעבט מיט איר מאַן...

— — — מיסעס קעמפּבעל האָט זיך גיך אַרומגעזען, אַז „פון זיצן און

זאָרגן" וועט איר לעבן ניט פאַרבעסערט ווערן. דערפאַר האָט זי זיך דערטראַכט צו אַ געדאנק: אז פריער מוז זי ווערן זעלבסטשטענדיק, זי זאָל קענען, זיך מיט די קינדער, מפרנס זיין, און זי זאָל פאַרשפּאָרן אויסצוקוקן אויף די „פּאָר דאלאר" וואָס איר מאַן וועט איר אַמאָל צושיקן.

זי האָט זיך פאָרגענומען אַז זי וועט זיך גיין אויסלערנען אַ פּראָפעסיע, ביי וועלכער זי זאָל קענען פאַרדינען אויף איר אויסקומעניש, און קענען געבן אירע קינדער אַ גוטע דערציאונג.

דאָס צו טאָן, האָט זי געמוזט אירע דריי קינדער (ציטווייליק) אַריינגעבן זיי אין אַ „קריסטלעכן האָום", וואו מען וועט אויף זיי אַכטונג געבן.

אין אַ ניט לאַנגע צייט, האָט מיסעס קעמפּבל דערגרייכט איר ציל. און ווי גיך זי האָט גענומען פּראַקטיצירן איר אויסגעלערנטע פּראָפעסיע, און זי האָט שוין פאַרדינט אַ ביסל געלט, האָט זי צוריק „אויפגעשטעלט איר אייגענע היים", און זי האָט גלייך ארויסגענומען אירע דריי קינדער פון דער האָום.

און וואָס ווייטער האָט זיך איר עקאָנאָמישער מצב פאַרבעסערט, און זי האָט זיך געקענט פאַרגינען צו דינגען עמיצן, וואָס זאָל איר צוהעלפן אין שטוב מיט די קינדער.

מיסעס קעמפּבל האָט געמיינט אַז פון איצט אָן וועט שוין אַלץ גוט זיין, ווייל זי האָט זיך ניט גערעכט אויף דעם, וואָס איז ווייטער געשען.

זי האָט גיך אויסגעפונען אַז דורך יענער צייט, ווען אירע קינדער זיינען געווען אין דער „פרום-קריסטלעכער האָום", האָט מען דאָרטן „אויסגעוועבט אַרום אירע קינדער אַ דינע וואַנט" וואָס האָט זיי שוין געהאַלטן פון איר דער־ווייטערט . . . די קינדער זיינען דורך יענער צייט געוואָרן אַ סך „פרומער ווי זיי זיינען ביי איר געווען" . . . און זיי האָבן אויף זייער „יידישער מאַמען" „רחמנות" געקראָגן, ווייל זי איז ניט „סייפד" (ריין פון זינד) . . . אָבער דאָס האָבן זיי איר בלויז גוטמוטיק אַריינגעזאָגט. אין זייערע הערצער האָבן זיי זייער מאַמען ליב געהאַט.

און מיסעס קעמפּבל האָט דערפאַר שוין באַצייטנס גענומען זאָרגן וועגן אירע קינדערס צוקונפט: זי האָט זיך געשראָקן אַז אירע קינדער קענען אויפ־וואַקסן מיט אַ שולד-געפילד (קאָמפּלעקס) אַז זיי זיינען ניט קיין „הונדערט פּראָצענט קריסטלעך"; אַז זיי זיינען אַנדערש פון זייערע חברים מיט וועלכע זיי גייען אין סקול, צי ווען זיי וועלן זיך מיט יענע באַגעגענען אויפן שפּיל־פעלד . . . ווייל דער מאַמעס „יידיש פּנים" שטייט זיי פאַר זייערע אויגן אומעטום, אמת, זיי זאָגן דאָס איר נאָך נישט, אָבער איר האַרץ פילט עס.

און דער מאַמעס האַרץ האָט פאָראויס געוואוסט אַז אַזוי וועט עס זיין: אירע צוויי יינגלעך, שוין דרייצן און פערצן יאָר אַלט, זיינען איינמאָל אַהיים־געקומען מיט צייכנס אויף זייערע פּנימער . . . די שכנישע יינגלעך האָבן אין

אַ „קריג" מיט זיי, זיי נאָכגעשריגן "דזשוס!" . . . האָבן זיי זיך מיט יענע "צעפּייט" . . .

קיין גרויסן ווען האָבן זיי דערפון ניט געמאַכט. אָבער די מאַמע האָט שטיל געליטן.

אַ סך מער צער האָט מיסעס קעמפּבל געהאַט פון איר שוין דערוואקסענער (שוין אַכצן יאָר אַלט) טאָכטער מערי.

מערי האָט זיך געראַנגלט מיט אַ שווערן קאָמפּלעקס, מיטן יידיש־קריסט־לעכן קאָמפּלעקס, און זי האָט זיך פון אים ניט געקענט באַפרייען . . .

גאַנץ אָפט האָט מערי געמאַטערט איר מאַמען, זי זאָל איר זאָגן: — „צי איז זי, מערי, אַ יידין, צי אַ קריסטין? . . .

היינט אַז עפּעס איז מיט איר ניט דערגאַנגען, זייענדיק צווישן אירע חברטעס, צי אין „היי־סקול" (דעם לעצטן טערמין), האָט זי דאָס גלייך „צוגע־שריבן צו איר יידישקייט" אויף דער מאַמעס צד . . . און פאַר דעם האָט זי אָנגעהויבן פיינט צו האָבן אַלע יידן . . .

און אַז מערי איז די „גערעכטע" ווען זי וואַרפט אויף איר מאַמען אַז זי איז נאָך אַלץ מער „אַ יידין, ווי אַ קריסטין", האָט איר מאַמע אַליין „איר דאָס באַוויזן" —

און דאָס איז געשען אין יענע יאָרן, ווען די „קריסטלעכע וועלט" האָט צוגעקוקט גלייכגילטיק (צום בילד און וואָרט), ווען די דייטשן האָבן אויס־געמאָרדעט מיליאָנען יידן, סיי יונג און סיי אַלט . . . און די יידן אין אַמעריקע זיינען געווען הילפלאָז צו קענען אַליין אָפּשטעלן די מערדערייען. אַלץ וואָס די יידן האָבן געקענט טאָן, איז צו באַווייזן די טויטע, און געבן די מיטלען (געלט) אַרויסצוראַטעווען פון די גאַז־אויוונס (דייטשע הענט) די יידן וואָס לעבן נאָך.

פאַר דעם צוועק האָבן דאָן די יידן גערופן פאַרזאַמלונגען, וואו מען האָט בציבור באַוויינט די אומגעקומענע, און געזאַמלט געלט פאַר די לעבעדיקע.

אין יענער צייט האָט דאָס האַרץ ביי דער "יידיש־קריסטלעכער" מאַמע אירער, ניט געקענט שטיל בלייבן . . . זי האָט געפילט אַז זי מוז אויך גיין צו אַזאַ יידישער פאַרזאַמלונג. עס האָט זיך דאָן אין איר האַרץ דערוועקט דער „יידישער אָדער", און זי איז ניט בכוח־געווען אים „צו פאַרשלעפּערן" . . .

האָט מיסעס קעמפּבל אויך פאַרגאָסן טרערן, צוהערנדיק זיך צו די הספדים, וואָס עס זיינען געמאַכט געוואָרן נאָך די אומגעקומענע קדושים . . . זי האָט נאָכדעם אפילו צוגעטראָגן איר קליינע געלט־ביישטייערונג, צו דער הילף וואָס אַנדערע האָבן געגעבן; און זי איז פון דאָרטן צוריקגעגאַנגען אַהיים, מיט באַשולדיקטע געדאַנקען . . .

איר טעכטערל מערי האָט זיך פון דעם דערוואוסט, און דערפאַר האַלט זי, אַז איר מאַמע איז נאָך „אַלץ אַ יידין" . . .

— — — מערי האָט איר מאַמען ניט געפאָלגט, ווען זי האָט איר גע־בעטן זי זאָל פאַרזעצן איר לערנען, גיין אין קאלעדזש. זי האָט באַשטימט אַז בעסער וועט זי גיין אַרבעטן, און ווערן זעלבסטשטענדיק. זי האָט אַזוי געטאָן.

מערי האָט געקראָגן אַ „דזשאָב״ ביי אַ רייכער פירמע, אין אַן אָפיס, וואו עס האָבן דאָרט געאַרבעט נאָך יונגעלייט. מערי האָט זיך גיך צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט וואָס מ׳האָט איר געגעבן צו טאָן. זי איז אינגיכן אפילו געוואָרן באַליבט, פאַר איר שטילער האַלטונג, פאַר איר איידלקייט, און דערצו איז מערי אַ זייער שיין מיידל.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג, און עס האָט דאָרטן איינער, אַן איידעלער יונגערמאַן, זיך אין איר פאַרליבט.

מערי האָט זיך אַזש דערשראָקן, דערהערנדיק אַז דער שיינער, איידעלער מאַן האָט זי ליב באַקומען. און ניט דערפאַר ווייל ער איז איר ניט געפעלן געוואָרן, נאָר ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז זי האָט אים אויך ליב . . . און ווי גיך יענער וועט זיך דערוויסן, אַז איר מאַמע איז אַ „יידישע״ . . . וועט ער פון איר זיך דערווייטערן . . . ער וועט זי איבערלאָזן מיט אַ „צעבראָכן האַרץ״ . . . פאַר דעם האָט מערי מורא געהאַט.

אָבער די ריינע ליבע ווייסט ניט פון קיין שטערונגען. ער האָט זי ניט אויפגעהערט ליב צו האָבן, אפילו ווען ער האָט אויף איר געזען אַ „קאַלטקייט צו אים״. ער האָט זיך אפילו ביי איר געבעטן, זי זאָל אים „בעטן״ צו איר אין שטוב אַריין, און באַקענען אים מיט איר פאַמיליע.

מערי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן נסיון: וועט זי אים ניט בעטן, וועט זי אים פאַרלירן; זאָל זי אים יאָ בעטן, איז „ווי גיך ער וועט דערזען איר מאַמעס יידישן פנים״, וועט ער זיך פון איר דערווייטערן . . . אַזוי האָט מערי געטראַכט.

צוליב דעם איז זי אומגעגאנגען מיט אַ צעווייטאָגט האַרץ. און זי האָט ניט געהאט פאַר וועמען איר צער אויסצוואויינען . . . נאָר ווען מערי האָט געפילט אַז זי טאָר „אים״ לענגער ניט אָפּציען, זי מוז אים איר ענטפער געבן, האָט זי באַשלאָסן „רעדן מיט איר מאַמען״.

— — — „מאָטער דיר״, — האָט מערי מיט טרערן אין אירע אויגן גערעדט צו איר מאַמען: — וואט עם איי טו דו? . . . איי עם אפרייד . . . אפרייד טו לוז הים . . . איי לאָוו הים סאָ! אָ, גאָד . . . וואיי דיד יו לעט דיס העפּען טו מי!? . . . (מאַמע טייערע, וואָס קען איך טאָן? איך האָב מורא . . . מורא אים צו פאַרלירן . . . איך האָב אים אַזוי ליב . . . אָ, גאָט, פאַרוואָס האָט דאָס געדאַרפט טרעפן צו מיר!?)

מיסעס קעמפּבעלס האַרץ האָט געוויינט הערנדיק אזעלכע רייד פון איר קינד . . . אָבער וואָס האָט זי געקענט זאָגן איר, זי זאָל איר מאַמען פאַרשטיין?... זי איז אַ ווילע געזעסן און געשוויגן. נאָכדעם, גלייך זי האָט פלוצים געפונען

די ריכטיקע ווערטער, האָט זי איר טאָכטער צוגעצויגן צו איר האַרץ, און זי האָט מיט איר האַנט געגלעט מעריס שײנעם קאָפּ, און מיט אַ ציטערדיק קול האָט זי שטיל גערעדט צו איר:

— „מערי, מיין קינד, פאַרוואָס קענסטו דיין מאַמען ניט פאַרשטיין? . . . (גערעדט אין ענגליש). ווייסטו דען ניט אַז דו צעברעכסט מיין האַרץ, ווען איך זע דיך אַ וויינענדיקע? . . . אָבער צו וואָס זאָלסטו זיך שעמען מיט דיין מאַמען? . . . דערפאַר ווייל אירע טאַטע־מאַמע זיינען יידישע? אָבער דיין מאַמע איז דאָך אַ קריסטין . . . און ווייסטו דען ניט, מיין קינד, אַז אונדזער סיווויאַר דזשיזוס איז אויך געווען אַ ייד? . . . ער איז דאָך דער טאַטע פונם קריסטנטום . . . און אַז ער אַליין האָט געזאָגט „דו זאָלסט האָבן ליב דיינע שונאים" . . . טאָ פאַרוואָס, קינד, זאָלסטו האָבן צו מיר טענות, און פיינט האָבן דאָס יידישע פאָלק? . . . "

אָבער מעריס האַרץ האָבן דער מאַמעס רייד ניט געהיילט . . . איר מאַמעס, און דזשיזוסעס תורה, האָבן אירע „פראַגעס" ניט פאַרענטפערט: ווייל זי איז שטאַרק פאַרליבט אין אַ בחור, וואָס וויל חתונה האָבן מיט איר — און איר יידישע מאַמע שטייט איר אין וועג: אויף דעם וויינט איר האַרץ . . .

אָבער די ליבע איז שטאַרקער פון אַלע חקירות. ווען צוויי יונגע מענטשן ליבן זיך איינע די אַנדערע, איז עס ניט אָפּצושטעלן: פונקט ווי עס איז ניט אָפּצושטעלן די כוואַליעס אין ים . . .

ווען „ער" איז צו איר צוגעשטאַנען נאָך אַן ענטפער, און ער בעט זיך זי זאָל אים „לאַדן צו זיך אַהיים", האָט זי אים לסוף געמוזט צוליב טאָן.

און מערי האָט אַפריער גענומען מיט איר מאַמען „איינשטודירן" וואָס זי זאָל יאָ רעדן צו איר חתן, און וואָס זי זאָל צו אים ניט רעדן. איבערהויפּט, וואָס ווינציקער צו אים רעדן . . . זי האָט זי אפילו „אָנגעסטראָשעט", אַז זי זאָל זיך מיט אים וועגן קריסטלעכקייט ניט פאַרהערן: ווייל ער איז „פון אַ שטאַרק פרום־קריסטלעכער פאַמיליע" . . .

מיסעס קעמפּבל האָט זיך איבער דעם מיט איר קינד ניט געדונגען. וועלכע מאַמע וויל ניט אַז איר קינד זאָל זיין גליקלעך? . . . מסתמא ווייסט זי דאָך וואָס זי וויל . . .

אויף אַ זונטיק בייטאָג האָט זי אים געהייסן קומען. ווען ער איז אַריינגעקומען, און זי האָט אים פאַר איר מאַמען „פאָרגעשטעלט", האָט ער מיטן ערשטן קוק פאַרשטאַנען פאַרוואָס מערי האָט אַזוי לאַנג אָפּגעצויגן זיין קומען אַהער. ער איז אָבער גלייך געוואָרן „ווי צוגעבונדן צו איר" . . . זי איז אים געפעלן געוואָרן. ער איז פון איר ניט אַוועק, ווען מערי האָט אים פאַרן אַרבל געצויגן „צו ווייזן אים די שטוב און באַקענען אים מיט אירע צוויי ברידער". ער האָט געהאַט אַ סך רייד פאַר איר מאַמען. און מעריס האַרץ האָט שיעור געפּלאַצט פון שרעק . . .

ענדלעך איז מען אַלע געגאַנגען צו אַ צוגעגרייטן טיש. אפילו ביים טיש, האָט דער יונגערמאַן ניט אַוועקגענומען זיינע אויגן פון איר מאַמען . . .

ערשט נאָכן פיינעם „דינער" וואָס זיי האָבן אָפּגעגעסן, און מען איז אַריין אין דעם „ליווינג רום" כאַפּן אַן אלגעמיינעם שמועס, האָט מעריס חתן איר אַ נעם געטאָן פאַר איר האַנט און ער האָט זי געבעטן זי זאָל אַריינגיין מיט אים אין אַ צווייטן צימער. ער האָט זי דאָרטן אַרומגענומען, איר אַ קוש געטאָן, און געפרעגט ביי איר:

— „טעל מי, דאַרלינג, וואַי די טירס אין יור אייס?" — (זאָג מיר, טייערע, נאָכוואָס די טרערן אין דיינע אויגן?)

מערי האָט געקוקט אויף אים, ווי זי וואָלט פון אים דערוואַרט אַ ביסעלע גענאַד . . . נאָר זי האָט זיך באַלד צו אים צוגעטוליעט, גלייך ווי זי שרעקט זיך אַז אָט וועט ער זי דאָ גלייך איבערלאָזן און פון איר אַוועקגיין, און זי וועט אים מער קיינמאָל ניט זען . . . ווי נאָר זי וועט אים ענטפערן אויף זיין פראַגע. דאָך, האָט זי געפילט אַז זי מוז אים ענטפערן —

— „איטס ביקאָס אָוו מאיי מאָטער! . . . שי וואָז דזשואיש . . ." (דאָס איז צוליב מיין מוטער! . . . זי איז געווען אַ יידין.) און מער האָט זי ניט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט. זי האָט זיך געשטיקט מיט אירע טרערן . . .

— „באָט מערי דיער! . . . וואָז דעט די טעריבל סיקרעט יו וואָר אפרייד טו טעל מיז?" (אָבער, מערי טייערע! איז דאָס דער שרעקלעכער סוד, וואָס דו האָסט מורא געהאַט צו זאָגן מיר?) — און ער האָט זי נאָך שטאַרקער צוגע־דריקט צו זיין האַרץ. ער האָט געלאָזט זיינע וואַרעמע בליקן גלעטן איר שיין פנים, און נאָכדעם האָט ער מיט אַ צאַרטער שטים צו איר געזאָגט:

— „מאיי דיער מערי . . . מאיי גרענדמאָטער וואָז דזשואיש טו . . . עשאָ איי לאָווד האָר וועריי, וועריי מאָטש! . . ." (מיין טייערע מערי . . . מיין באָבע איז אויך געווען אַ יידישע . . . און איך האָב זי זייער, זייער ליב געהאַט . . . )

ביי מערין האָבן זיך די אויגן צעעפנט . . . און טרערן פון פרייד האָבן אַרונטער גערונען אויף איר שיין פנים . . . זי האָט זיך באַלד אָפּגעריסן פון אים און זי איז גיך אַריינגעלאָפן אין דעם „ליווינג־רום". זי איז צוגעפאַלן צו איר מאַמען און מיט קושן און טרערן פון אירע אויגן, האָט זי געמורמלט:

— „אָ! מאָטער דיר . . . מאָטער דיר! . . . פאַרגיוו מי, איי לאָוו יו סאָ! — (אָ! מאַמע טייערע, מאַמע טעייערע! . . . פאַרגיב מיר! איך האָב דיר אַזוי ליב!").

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיסעס קעמבל איז גליקלעך מיט איר טאָכטערס גליק; נאָר אויף איר שיינעם פנים איז ניט צו דערקענען, אַז זי גייט אום מיט שווערע געדאַנקען . . . טראַכטנדיק פון איר אייגן צעפאַלן לעבן . . .

# פּרץ הירשביין, עליו השלום

מיט קיין אַנדער יידישן שרייבער בין איך אַזוי באַפריינדט געווען ווי מיטן פאַרשטאָרבענעם פּרץ הירשביין.

ביי די הירשביינס איז די טיר געווען אַן אָפענע, און פריינט זיינען צו זיי אָפט געקומען. איך בין אויך אָפט צו זיי געקומען, און זיי צו מיר אויך. דערפאַר זיינען ביי מיר אין געדאַנק פאַרבליבן אַ סך גוטע איינדרוקן וועגן אים, און איך טו זיי דאָ פאַרשרייבן.

איך געדענק, אַ זונטיק אינדערפרי, ווען איך בין אָנגעקומען פון אָנטאַריא קיין לאָס אַנדזשעלעס, בין איך געגאַנגען צו די הירשביינס.

דער אַרויפגאַנג ביז צו זייער שטוב, דאָס בערגל מיט די רויטע טרעפּ, איז מיר אַלעמאָל אָנגעקומען שווער.

פּרץ איז דאַן געשטאַנען לעבן פענצטער, און ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער צו מיר אַרונטערגעשריגן: — „משה, איילט זיך ניט. גייט פּאַמעלעך!״ — און ער איז באַלד אליין ארויסגעקומען צו באַגעגענען מיר אויף די רויטע טרעפּ.

ער האָט מיר אָפּגעגעבן אַ וואַרעמען שלום־עליכם, און ווי יעדעס מאָל, ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער דאָס מאָל אויך אַ פרעג געטאָן — „אַזש פון אָנטאַריא זייט איר איצט אָנגעקומען?! . . .״

נאָכדעם האָט ער מיר געהייסן כ׳זאָל זיך איינקוקן ווי די גאָלדענע, קליינע פישעלעך שווימען אום אין דער קיילעכדיקער סאַזשעלקע, אָנגעפילט מיט קלאָרע וואַסער.

און ער האָט מיך „פאַרגעשטעלט״ פאַר זיין קריכנדיקער טשערעפּאַכעלע, מיטן האַרטן פּאַנצערל, ווי אַ דעכעלע, און זי האָט זיך פּאַמעלעך גערוקט הין און צוריק.

דערנאָך האָט ער מיר באַוויזן זיינע זעלטענע שיינע בלומען. ווען שוין אַלץ באַוויזן, זיינען מיר ביידע אַריינגעגאַנגען אין שטוב.

— „אסתר איז אויבן, אָבער זי וועט גלייך אַרונטערקומען״ — האָט ער מיר אָנגעזאָגט, און מיר האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע, געכאַפּט אַ שמועס וועגן די לעצטע נייעסן אין לאָס אַנדזשעלעס.

אָבער, פּרץ איז מיטאַמאָל געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער . . . נאָר ער האָט זיך נאָכדעם צוריק אויפגעשטעלט, און ער האָט מיר אויך געהייסן גיין מיט אים צו דער קליינער פּיאַנאָלע, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ צווייטן צימער.

פּרץ האָט אָפּגערוקט דאָס שוואַרצע ביינקל, און ער האָט זיך צוגעזעצט

נאָענט לעבן דער פּיאַנאָלע, ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע לאַנגע פינגער אויף די קלאַווישן, און ער האָט גענומען אויסשפּילן זיינע אַ קאָמפּאָזיציע . . .

פון אונטער זיינע פינגער האָבן די טענער אַרויסגעזונגען, הויכע און נידעריקע, און זיי זיינען זיך „פאַרגאַנגען אין אַזוינע קלאָגענדיקע ניגונים" . . . איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ יום־כיפּור פאַרנאַכט צו נעילה, ווען דער בעל־תפילה לעבן עמוד שטייט און ער בעט צו גאָט פאַר זיין עדה יידן . . . איך האָב געקוקט אויף פּרצעס געשטאַלט: ער האָט זיך געוויגט, אַזוי ווי ער האָט עס געטאָן אין אַמאָליקן „מישמע־בית־מדרש" אין בריסק, ווען ער איז דאָרטן, אין זיינע יונגע יאָרן, געזעסן „ביי זיין סטענדער, און זיין ספר", און מיט אַ ניגון אויסגעזונגען — „איי . . . תני ר ב נ ן ! . . .

איצט בין איך לעבן אים געשטאַנען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און זיך איינגעהערט צו די „באַקלאָגענדיקע טענער", וועלכע ער האָט, מיט זיינע פינגער, אַרויסגעכישופט פון דער קליינער פּיאַנאָלע . . . און ביסלעכווייז האָבן די טענער זיך איינגעשטילט, באַרואיקט, און שטיל געוואָרן . . .

נאָכדעם האָט ער צו מיר זיך אומגעדרייט, מיט זיין צעלויכטענעם פּנים, און דורך פאַרטרערטע אויגן האָבן מירביידע זיך אָנגעקוקט . . .

אויף די שטוביקע טרעפּלעך איז געזעסן אסתר, און זי האָט געווישט די טרערן פון אירע אויגן . . .

## אַ שפּאַציר מיט הישביינען אין וואַלד

ס'איז דאַן געווען אַ זומערדיקער טאָג, ווען איך האָב ביי די הירשביינס אין שטוב פאַרבראַכט מיט זיי. נאָר פאַרנאַכט, איידער די זון איז פאַרגאַנגען, האָט אסתר געזאָגט צו פּרצן: „פּרצל, אפשר ווילסטו זיך אַדורכגיין אַ ביסל מיט וויסמאַנען? אַט גיי מיט אים אַוועק אין וואַלד אַריין, ער איז דאָרטן קיינמאָל נאָך ניט געווען!"

אויף צו „גיין", האָט מען פּרצן ניט געדאַרפט לאַנג בעטן. ער האָט ליב געהאַט צו גיין, און אויף בערג האָט ער געשפּרייזט גרינג.

זיינען מיר אַפּריער אַרונטערגעגאַנגען דעם באַרג צו דער גאַס „קעניאָן דרייוו", דורך וועלכער מיר וועלן גיין אין וואַלד אַריין.

זיינען מיר פּאַמעלעך דורכגעגאַנגען די שטילע גאַס, מיט די שיינע הייזער און פאַרזייטע בלומען. פּרץ האָט ניט אַוועקגענומען זיינע אויגן פון די בלומען. ער האָט פאַר מיר אָנגערופן די „נעמען" פון די בלומען. ער קען זיי אַלע. ווען אַן איינוואוינער פון אַ הויז האָט דערזען אים, גייענדיק, האָט ער זיך צו פּרצן געגריסט, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן.

ווען אַן אַלטער קודלעוואַטער הונט האָט „הייזעריק" אויף אונדז זיך צעבילט, האָט פּרץ מיר געזאָגט אַז איך זאָל זיך ניט שרעקן פאַר אים — „ער פאַרמאָגט שוין ניט קיין ציין צו בייסן" — האָט ער געלאַכט.

ביי דער געלעגנהייט האָט פּרץ זיך דערמאָנט אין אַ „פּאַסירונגל״ פון אַמאָל, ערגעץ אין אַ רוסישער שטאָט.

ווען ער איז דאָרטן געגאַנגען אויף אַ גאַס, איז צו אים אַנטקעגן געלאָפן אַ גרויסער הונט מיט אַ בייזן געביל. ער האָט אים געלאָזט צוקומען גאָר נאָענט, און דאַן האָט ער זיין האַנט געטאָן אַ שטעק אַריין אין דעם הונטס פּיסק, און ער האָט אים אַ שלעפּ געטאָן צו זיך, דערנאָך האָט ער אים פון זיך אַ שליידער געטאָן . . . אַז דער הונט האָט זיך קוים אויפגעהויבן אַ לעבע־דיקער, און ער איז פון אים אַנטלאָפן מיט אַ שרייענדיקן געביל . . .

מיר זיינען ענדלעך אָנגעקומען אין וואַלד אריין. מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַ שטיינערנעם טויער און איך האָב זיך געפונען (איך זאָג איך, ווייל צו פּרצן איז עס געווען ניט קיין נייעס) אין אַ ווילדעניש. ס׳איז געווען קענטיק, אַז די מאָדערנע ציוויליזאַציע־מכשירים האָבן דאָרטן די ערד, און די בערג, נאָך ניט אָנגערירט. די אַלטע ביימער זיינען געשטאַנען „פּאַרטרוימטע״, און אויף די בערג האָבן זיך געשלענגלט אויסגעטראָטענע וועגן. פּרץ האָט זיך דאָ געפילט גוט, און די פּאַרטרוקנטע עקזאָטישע בלימלעך, האָבן „אויסגעקוקט״ ער זאָל זיי אַ גלעט טאָן מיט זיין האַנט. פּרץ האָט געוואוסט צו דערציילן פון איעדן בלימלס „יחוס״. און די שטילקייט האָט דאָרטן ממש פאַרגאָסן מיינע אויערן. די סטעזשקע, אויף וועלכער מיר האָבן געטראָטן, אַלץ טיפער אין דעם „קעניאָן״ אַריין, איז געווען אַ ווייכע. מיר האָבן אויף איר איבערגעלאָזן אונ־דזערע פוס־צייכנס, ביז אַ ווינטערדיקער רעגן וועט זיי פאַרשווענקען. מיר האָבן געדאַרפט אַריבערצושפּריזן אַ קליין זומפּיק טייכעלע, האָט מיר פּרץ געוויזן ווי אַזוי עס צו טאָן, כדי זיך ניט באַנעצן די שיך. ווען מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע, האָט פּרץ מיך באַרואיקט, אַז איך דאַרף זיך ניט שרעקן: ער ווייסט דעם וועג אויף צוריק צו גיין. דאַן האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויכן באַרג, און ער האָט געזאָגט:

„ווייסמאַן, איר זעט אָט יענעם באַרג? איך בין אויף אים שוין געשטאַנען אַ פּאָר מאָל. און ווען איר וואָלט געקענט קלעטערן אויף אַ באַרג, וואָלטן מיר, דורך יענעם וועג, געגאַנגען צוריק אַהיים, ווייל דאָרטן איז נעענטער. נאָר אַז איר קענט ניט גיין אויף אַ באַרג, וועלן מיר טאָקע גיין מיטן זעלבן וועג אויף צוריק אַהיים . . . ״

## מיט די הירשביינס אין אַ רעסטאָראַן

איך בין אַריינגעקומען צו די הירשביינס מיטן געדאַנק, אַז מיר זאָלן צוזאַמען אַוועקפאָרן צום ים. האָבן די הירשביינס גראָד ניט געקענט אַוועקגיין פון שטוב. זיינען מיר אָפּגעזעסן אינדרויסן אַנטקעגן דער זון, און הירשביין האָט פאַר מיר עפּעס געלייענט, און אסתר האָט דאָס זעלביקע געטאָן, נאָענט צו פאַרנאַכט, ווען זיי האָבן שוין געקענט אַוועקגיין פון הויז, האָב איך פאַר־

געשלאָגן אַז מיר זאָלן נעמען אַ שפּאַציר קיין האליוואוד, און דאָרטן וועלן מיר שוין אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן עסן וועטשערע.

פּרץ, דער גרויסער עסטעט, וועלכער האָט ליב געהאַט שיינקייט צו גע־פינען אפילו אין אַ רעסטאָראַן, האָט שוין געוואוסט וואו מיר זאָלן אַריינגיין.

עס איז דאַן געווען די ריכטיקע צייט, ווען מענטשן זיינען געזעסן ביי אַלע טישלעך און האָבן געגעסן „דינער" (וועטשערע). די פיינע אַטמאָספערע, און די געשמאַקע גערוכן פון די מאכלים, האָבן באַשטעטיקט, אַז פּרץ ווייסט וואוהין אַריינצוגיין.

אַ יונג, שיין מיידל האָט אונדז באַגעגנט און געפירט אונדז צו אַ טיש־ל פאַר פיר מענטשן. נאָכדעם איז אַ צווייטע מיידל צוגעקומען מיט גלעזער וואַסער, און פּרץ האָט ביי איר געפרעגט „צי דאָס וואַסער איז טאַקע נאַס וואַסער?" דאָס מיידל האָט צוערשט אים אָנגעקוקט, נאָר זי איז באַלד געקומען צו איר שכל און פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַ וויץ, און זי האָט מיטגעלאַכט. און די מענטשן, ביים צווייטן טישל, האָבן ניט אַוועקגענומען זייערע נייגעריקע אויגן פון פּרצן, מיט זיינע ווייסע, לאַנגע האָר אויפן קאָפּ.

נאָכדעם האָט זי צוגעברענגט די פּאַטראָוועס וועלכע מיר האָבן באַ־שטעלט, און פּרץ האָט זיך איינגעקוקט אין די עסנוואַרג, און ער האָט זי ווידער געפרעגט: „מיס, דו ביסט זיכער, אַז מיר מעגן אָנגעטרויען אונדזערע לעבנס אין דיינע הענט אַריין? . . ." די צוהערער אַרום אונדזער טיש־ל האָבן זיך האַרציק צעלאַכט, קוקנדיק אויף פּרצן . . .

נאָכן עסן, ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען די טישלעך, ביים אַוועקגיין, האָבן אַלע אים נאָכגעקוקט מיט פריינטלעכע בליקן.

אָבער איך איינער בין פון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען אָן אומצופרידענער: ווייל פּרץ האָט פון מיין האַנט אַ כאַפּ געטאָן דעם „טשעק", און ער האָט אַליין באַצאָלט פאַר דער רייכער וועטשערע . . .

## אַ שפּאַציר ביים ים מיט הירשביינען

פּרץ האָט ליב געהאַט דעם ים, מיט אַלע זיינע חושים. אָבער נישט יעדן מאָל, ווען ער איז צום ים געקומען, איז ער אין טיפן וואַסער געגאַנגען.

ער פלעגט זיך אָנטאָן דעם „באָדקאָסטום" און גיין אַ גיכן שפּאַציר פאַזע דעם ים־ברעג. ער האָט געקענט אויסגיין לאַנגע שטרעקעס, און ניט פאַמעלעך. ווען איך פלעג גיין מיט אים בין איך נאָכדעם אָן כוחות געבליבן . . .

פּרץ האָט ליב געהאַט צו פאַרקוקן זיך אויף די שוימיקע וואַסער־כוואַליעס, וואָס דער צעשפּילטער ים האָט זיי צום סאַמע ברעג געשיקט. פּרץ האָט נאָכ־דעם געקענט אויפהייבן אַ שיין גלאַט שטיינדעלע, אַ טשיקאַווע שטיקל האָלץ, אַ פערלמוטערנע שיסעלע: אויף אַלץ איז ער געווען אַ בעלן עס אויפצוהייבן, באַקוקן, און נאָכדעם אַוועקשענקען עס צו עמיצן.

אָבער נאָך מער פון אַלץ וואָס פּרץ האָט ליב געהאַט ביים ים אָנצוקוקן, איז זיינע פאָלקס יידן, וועלכע זיינען געזעסן אויף די בענק, און זיי האָבן זיך דערציילט היימישע מעשיות. פּרץ הירשביינען האָבן אַ סך פון די דאָזיקע יידן געקענט, און זיי האָבן אים נאָכגעקוקט מיט וואַרעמע בליקן . . .

## פּרץ הירשביין איז געקומען קיין אָנטאַריא האַלטן אַ לעקציע

אין דעם שטעטל אָנטאַריא (קאַליפאָרניע) האָב איך געהאַט געגרינדעט (מיט דער הילף פון נאָך איי ניקע מענער און פרויען) אַ קולטור־גרופּע, אויף צו פאַרשפּרייטן דאָס יידישע בוך, און אַז מ׳זאָל קענען איינלאַדן אַ יידישן שרייבער, ער זאָל פאַר אונדז האַלטן אַ לעקציע, וועגן דער יידישער ליטע־רטור און אירע שרייבער.

אין דעם משך וואָס די „גרופּע" האָט עקזיסטירט, זיינען געקומען צו אונדז: אסתר שומיאַטשער, ז. וויינפּער, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, ה. רויזענבלאַט, און נאָך, וועמעס נעמען איך געדענק שוין ניט.

פּרץ הירשביין איז אויך געווען איינגעלאַדן צו קומען. איך האָב געשריבן צו אים אַ בריוו, אָנגעפרעגט אים ווען ער קען קומען? זיין ענטפער האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, אָבער ער האָט געענטפערט:

„לאָס אַנדזשעלעס, מאַי דעם 21טן, 1945.

מיין ליבער משה וויסמאַן! ערשט איצט אַ ענטפער איך אייך אויף אייער בריוו אין שייכות מיט אַ לעקציע אין אָנטאַריא, וואָס איר האָט מיר געשריבן מיט אַ חודש צוריק. וועט איר מיר מוחל זיין דערפאַר וואָס איך בין אַ שלעכטער באַלעבאָס. אַ צייט אַזאַ וואָס בריוו קומען אָן און ווערן פאַרלייגט ביז זיי מאַכן אַ געוואַלט, און מאָנען אָן ענטפער. ווייל איך אייך איצט מודיע זיין, אַז איך נעם אָן דעם דאַטום און וועל מיט פאַרגעניגן קומען רעדן וועגן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי: וועגן זיין ווירקן און שאַפן אין דעם יידישן לעבן. איך האָף צו הערן פון אייך אינגיכן. מיט בעסטע גרוסן, אייער, פּרץ הירשביין".

געקומען איז הירשביין (מיט אסתרן) צו מיר אין שטוב אַריין, אַ ביסל אַן אומצופרידענער: ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער דענקט ער האָט אויף זיך גענומען אַ צו גרויסע אחריות, צו רעדן וועגן זשיטלאָווסקי, ווען ער איז נאָך ניט ווי געהעריק צוגעגרייט צו דעם. האָב איך צו אים געזאָגט: אויב איר ווילט, קענען מיר בייטן אייער טעמע.

ער איז געווען שטאַרק צופרידן פון מיין פאָרשלאַג. און ער האָט גערעדט וועגן דעם באַרימטן קלאַסיקער י. ל. פּרץ, וועמען ער, הירשביין, האָט זייער גוט געקענט.

נאָך זיין לעקציע (וואו ס׳איז אגב געקומען אַן עולם פון אַ הונדערט צו־הערער) האָט דער עולם אים באַגריסט מיט גרויס פרייד. און איך, אַלס דער

פאַרזיצער פונם אָוונט, האָב אים איבערגעגעבן דעם „טשעק", וואָס מיר האָבן געהאַט צוגעגרייט פאַר אים.

פּרץ האָט זיך גוט איינגעקוקט אינם „טשעק", און נאָכדעם מיט וואונדער געקוקט: דאָ אויפן טשעק, און דאָ אויף מיר . . . פרעגנדיק ביי מיר:

„פאַרוואָס קומט עס מיר אַ גאַנצן הונדערטער? . . ."

## פּרץ הירשביין אַ פינף און זעכציקער

אין דעם יאָר 1946 האָט די יידישע באַפעלקערונג אין לאָס אַנדזשעלעס געפייערט הירשביינס 65טן געבוירנטאָג.

ס'איז דאַן געווען אַן אמתער פאָלקס־יום־טוב: יידן פון לאָס אַנדזשעלעס, מענער, פרויען און אַ סך יוגנטלעכע, זיינען געקומען צוטיילן כבוד אַ יידישן שרייבער: דעם באַוואוסטן פּרץ הירשביין.

עס איז געווען אַ יידישער אָוונט. אפילו די יוגנט, וועלכע האָט געקענט יידיש רעדן, האָבן זיי אויך מיט אַלעמען גערעדט יידיש.

דער טעאַטער איז געוואָרן פול מיט יום־טובדיקע מענטשן. אויף דער בינע האָט מען געשפּילט הירשביינס דראַמע „אַ פאַרוואָרפן ווינקל". נאָכדעם האָבן פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס באַגריסט הירשביינען. צו־לעצט האָט דער דיכטער ה. רויזענבלאַט „פאָרגעשטעלט" פאַרן עולם דעם באַרימטן יידישן שרייבער פּרץ הירשביין.

דער גאַנצער עולם האָט זיך פאַר אים אויפגעשטעלט, און מיט שיינענ־דיקע אויגן געקוקט צו אים, און געוואונטשן אים אַ לאַנגן לעבן.

ווען דער באַגייסטערטער עולם האָט זיך איינגעשטילט, האָט הירשביין אָנגעהויבן (אין אַ פייערלעכער שטים) צו רעדן:

— „טייערע חברים און פריינט! . . . גרויס איז די וועלט. הונדערטער מיליאָנען לעבן אויף דער ערד, און עס איז ניט ענג אויף דער ערד. אַ גוטע ערד האָט גאָט באַשאַפן; אָבער פאַר די צען, עלף מיליאָן יידן, איז די ערד געוואָרן ענג, גלייך מיר וואָלטן אַלעמען ענג געמאַכט. נאָך אין אונדזערע יאָרן איז אין קעשענאוו געווען דער גרויסער פּאָגראָם אויף יידן אין צאַרס צייטן. מיר האָבן געוויינט אין יענער צייט, און ביאַליק האָט יעמאָלט אָנגעשריבן דאָס שוידערלעכע ליד „די שחיטה־שטאָט".

נו, איז אונדז גוט אין דער היינטיקער צייט, ווען די וועלט קוקט נאָך אַלץ אויף אונדז קרום, און אויך איצט זיינען דאָ קריסטן וואָס זייער פאַרלאַנג איז אונדז אומצוברענגען? . . . בלינד און טויב איז געווען די קריסטלעכע וועלט ווען די נאַציס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק. קיינער האָט ניט געזען אונדזער צער און אונדזער טרויער, וואָס האָבן אונדז געגעסן לעבעדיקערהייט.

און וואָס האָבן יידן ניט געטאָן, אין ארץ ישראל, צו מאַכן דאָרט די יידישע היים, כדי עס זאָל אויפבליען די יידישע וועלט? די חלוצים האָבן די פאַר־וואָרלאָזטע ערד פאַרוואַנדלט אין אַ גן־עדן. נו זיינען געקומען אונדזערע שונאים און געבראַכט אַ חורבן אויף ארץ ישראל. רויבער זיינען אויף אונדז אָנגעפאַלן, געשאַפן קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר אונדזערע אין פייער און אין בלוט צע־פלאָגטע גלות־יידן. אַזש קיין ציפערן זיי פאַרשלעפּט . . . מיין גאַנצער דור איז שוין כמעט אויפן עולם־האמת, יעדער איינער איז אַוועק מיטן דור־דורות־דיקן יידישן פייער און גלויבן, וואָס האָט אונדז געהאַלטן ווי אַ פאָלק, מיין לעבן און מיטווירקן מיט זיי, איז געווען אַ צייט פון יידישע קאַמפן, יידישן שטרעבן און יידישן וויטאָג. מיינע נאָענטע קאָליעגן: פרץ, שלום־עליכם, ביאַליק, מענדעלע, און אַנדערע — זיי האָט די השגחה אויסגעהיט פון איבער־צולעבן דעם גרעסטן יידישן חורבן . . . ״ (ביי די ווערטער האָט צווישן עולם זיך דערהערט אַ געוויין) און הירשביין האָט זיין רעדע פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדע ווערטער:

„היינט איז יום־כיפור אויפדערנאַכט. פּאָרכטיקע טעג ביי יידן. לאָמיר יידן פון לאָס אַנדזשעלעס, לעבן מיט האָפענונג. עס קומט אַ ניי יאָר. זאָל זיך אָנהייבן די צייט ווען מיר יידן זאָלן וואַקסן און ווערן אַ גרויס פאָלק! . . . ״

## הירשביינס שטאַרקע הענט

הירשביין פלעגט מיר דערציילן וועגן זיינע אַמאָליקע „שטאַרקע הענט״. ער האָט געקענט נעמען צווישן זיינע פינגער אַ קאָפּיקע און זי צעבייגן, מאַכן דערפון אַזוי ווי אַ רערעלע. ער פלעגט מיר דערציילן פון נאָך אַנדערע בריה־שאַפטן, וואָס ער האָט געקענט באַווייזן צו טאָן מיט זיינע הענט . . .

אָבער דאָ קומט די טראַגעדיע פון זיינע הענט —

פרץ איז שוין ניט מער דער געזונטער מענטש. ער האָט פּלוצלונג גענומען זיך באַקלאָגן אויף „זיינע הענט״ . . . איך פלעג אים אויסהערן מיט צער, און געקוקט אויף זיינע אויסגעשטעלטע ביידע הענט . . . ער האָט זיך געקלאָגט אַז ער קען נישט מער מיט זיינע „פינגער באַוועגן״ . . .

אָבער אין זיין געדאַנק האָבן זיך נאָך געשפּינט נייע אידייען, און ליטע־ראַרישע פּלענער. ער האָט געהאַלטן אינמיטן שאַפן אַ גרויסן ראָמאַן. אָבער זיינע באַוועגלאָזע „פינגער״, האָבן ניט געקענט אויספאָלגן דעם געדאַנק זיינעם, ווען ער האָט מיט „זיי״ געוואָלט שרייבן.

ווען איך בין געקומען אין שטוב אַריין, האָב איך אים געזען אַרומגייענדיק הין און צוריק. הין און צוריק . . . ער איז געווען פאַרצווייפלט. ווען ער האָט מיך דערזען, איז ער צוגעקומען צו מיר און געזאָגט: — „ווייסמאַן! איך קען דאָך ניט צוהאַלטן די פען אין מיין האַנט, טאָ ווי אַזוי וועל איך פאַרענדיקן דאָס אָנגעהויבענע קאַפּיטל!? . . . ״

מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער, איז ער שוין גיך אַרויפגעלאָפן אויבן צום שרייבטיש; און צוריק אַרונטערגעקומען איז ער, מיט אַ גרויסע פרייד — ער האָט יענעם קאַפּיטל אָנגעשריבן! . . .

## הירשביינס לעצטע לעבנס־טעג

דאָס איז געווען אין יאָר 1948. ער איז שוין געווען גאָר קראַנק . . . ער האָט פאַר זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. ער האָט אָבער שטאַרק ליב געהאַט דעם ים. האָט אסתר געדונגען אַ דירה ביים ים.

פּרץ פלעגט שפּאַצירן לעבן וואַסער, יעדן טאָג. ער איז אָבער שוין מער ניט געווען קיין באַאָבאַכטער אויף אַלץ וואָס ער האָט דערזען מיט זיינע אויגן . . . ער איז אַלעמען פאַרביגעגאַנגען מיט גרויס אימפּעט, גלייך ער וואָלט זיך נאָך עמיצן נאָכגעיאָגט . . .

אין אַ זונטיק אינדערפרי בין איך מיט מיין פרוי געקומען פון אָנטאַריא צום ים, צו זען די הירשביינס. דאָרטן זיינען געווען נאָך פריינט מיט באקאַנטע. עס זיינען באַלד אָנגעקומען משפּחה־מענטשן: מיין פרויס ברודער, לאַזאַר ווײַנער מיט זיין פרוי שרה. זיינען פון ניו יאָרק, געקומען צוגאַסט קיין לאָס אַנדזשעלעס.

פּרץ האָט זיך געפילט אין אַ גוטער שטימונג . . . געווען אויפגעלייגט, ווי אַ יינגל, ווען עס קומען געסט אין שטוב אַריין . . .

אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך מיטאַמאָל פאַרענדערט . . . ער איז געוואָרן שטאַרק אומרואיק . . . ער האָט זיך צעשפּרייזט איבער דער שטוב הין און צוריק . . . ער האָט צו קיינעם ניט געוואָלט רעדן . . .

לאַזאַר ווײַנער (הירשביינס שוואָגער) האָט געפּרואווט אַריינציען אים אין אַ שמועס וועגן מוזיק. אָבער דאַן האָט עס אים מער ניט אינטערעסירט. איז צו ווײַנערן געקומען אַ געדאַנק און ער האָט זיך צוגעזעצט צו דער פּיאַנאָ, און ער האָט גענומען אויסשפּילן אַן אַלטן ניגון, פון אַן „אָפּערעטע", צו וועל־כער לאַזאַר ווײַנער האָט געהאַט אָנגעשריבן די מוזיק, און פּרץ האָט געשריבן די ווערטער.

דאַן איז אַ וואונדער געשען . . . הירשביין האָט זיך אָפּגעשטעלט און ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט . . . ביז דער ניגון האָט אים אַן עפּעס דער־מאָנט . . . זיין אָפּגעצערט פּנים האָט מיט אַ ליכטיקייט אויפגעשיינט, און זיינע אויגן האָבן זיך צעעפנט, קוקנדיק אויף לאַזאַרן . . . נאָר באַלד איז געשען דאָס טרויערדיקסטע: ער האָט זיך צעוויינט מיט אַ יאָמערלעכן געוויין . . .

מיר פיר טעג שפּעטער, איז פּרץ געשטאָרבן. אין אויגוסט, דעם 16טן, 1948.



# דער בריוו האָט זיך פאַרשפּעטיקט

מיין שכן דער פאַרמער, מיט וועמען איך בין געוואָרן באַפריינדט, האָט אַריינגעברענגט צו מיר אַן ענגלישע צייטונג, וואָס קומט אָן צו אים פון דער מיטל־וועסט, וואו ער האָט אַמאָל געהאַט געוואוינט; און ער האָט געזאָגט צו מיר —

„איי טינק יו שוד ריד דיס” (איך דענק דו דאַרפסט עס לייענען) און ער האָט אָנגעוויזן אויף אַן „אַרטיקל”, געדרוקט אין דער צייטונג.

ווען ער איז אַוועק פון מיר, האָב איך גענומען איבערלייענען דעם „אַרטיקל”. איך האָב די צייטונג ניט אַוועקגעלייגט, ווייל ער האָט זי געוואָלט האָבן אויפצוריק. דערפאַר האָב איך זיך גלייך געזעצט צו דער שרייבמאַשין, און איך האָב דעם „אַרטיקל” איבערזעצט אויף יידיש: טראַכטנדיק, אַז אויך דאָס באַדאַרף ווערן צוגעלייגט צום שוין אָנגעזאַמלטן אַרכיוו פון די גרויל־טאַטן, וואָס די דייטשן זיינען באַגאַנגען קעגן יידישן פאָלק.

און אָט איז די פרייע איבערזעצונג פון ענגליש: נאָר פריער די דער־קלערונג — וועגן דעם בריוו צו סאַלין. סאַלי איז געווען אַ היי־סקול מיידל. געווען אַ צייט ווען אין פילע היי־סקולס האָבן זיך באַוויזן „צעטעלעך” מיט נעמען פון יונגעלייט פון יענער זייט ים. און סאַלי דזשייקאָבס האָט אַזאַ צעטל אויך באַקומען. האָט זי אויסגעקליבן אַ „נאָמען” און זי האָט צו אים אַוועק־געשיקט אַ בריוו. דער נאָמען, צו וועלכן זי האָט איר בריוו געשריבן, איז געווען „לארי לאָבעצקי”, פון ערגעץ אין דער ליטע.

ס'האָט ניט גענומען לאַנג, און סאַלי האָט פון לארין באקומען אַן ענטפער. און לארי איז געוואָרן סאַליס „פען־חבר”.

סאַלי האָט באקומען פון „אים” אַ סך בריוו. נאָר פלוצלונג האָט אויס־געבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, און זי האָט פון „אים” מער קיין בריוו ניט באַקומען.

סאַלי האָט לאַנג ניט געהערט פון לארין. די יאָרן זיינען פאַרגאַנגען, סאַלי האָט חתונה געהאַט: כאָטש זי האָט לאַנג געטראַכט פון איר „פען־חבר” לארי, זי האָט זיך געוואונדערט פאַרוואָס זי הערט פון „אים” ניט . . .

אָבער נאָך דער מלחמה איז צו סאַלין פלוצלונג אָנגעקומען אַ בריוו פון יענער זייט ים. סאַלי איז שטאַרק איבערראַשט געוואָרן ווען זי האָט דערזען אַז דער בריוו איז פון איר אַמאָליקן „פען־חבר”, לארי . .

און דאָ איז דער בריוו פון לארין, צו סאַלין —

— מאי דעם 12טן, 1945, ערגעץ אין דייטשלאַנד:

„טייערע סאלי! איך בין זיכער אַז דו וועסט ווערן איבערראַשט, דער־האַלטנדיק דעם בריוו פון אייראָפּע.

אָבער מיר דוכט זיך אַז דו וועסט נאָך מער איבערראַשט ווערן, דער־זעענדיק אַז דער בריוו איז פון אַ פריינט פון וועלכן דו האָסט נישט געהערט גאַנצע פינף יאָר! . . .

סאלי, דו געדענקסט נאָך דעם יאָר — 41־940, ווען דו האָסט פון צייט צוצייט געשריבן אַ בריוו צו איינעם מיט דעם נאָמען „לארי״? איך האָף, דו געדענקסט נאָך אונדזער קאָרעספּאָנדענץ. מיין אַדרעס איז דאַן געווען — „פּאָסט אָפּיס באקס 321, קאונאס, לאטוועינאיא״.

נאָר איצט איז דאָס אַ פאַרגאַנגענהייט. סאלי, דו מעגסט מיר גראַטולירן: ווייל איך האָב איבערגעלעבט פיר מיט אַ האַלב יאָר אין אַ פריזאָן־קעמפּ! . . . דערפאַר האָסטו פון מיר קיין בריוו נישט באקומען. פיר און אַ האַלב יאָר בין איך געווען פאַרשפאַרט אין דעם קאָנצענטראַציע־קעמפּ — דאַכוי, וואַרטנדיק פאַר מיין טויט — יעדן טאָג . . .

דו ווייסט גאָרנישט וואָס דאָס מיינט . . . דו קענסט זיך ניט פאַרשטעלן אין דיין געדאַנק, ווי עס קוקט אויס דער שוידערליכער קעמפּ „דאַכוי״ . . . „סאקסענהאוזען״, „אושוויץ״, „קייזערלאַנד״, „גראָסראזן״, „בירקענהאוז״, „בוכענוואלד״, און ענלעכע . . .

איך בין איינער פון די געציילטע יידישע מענער פון דער ליטע, וואָס האָט באַוויזן צו אַנטלויפן.

אין יאָר 1940־41, איז געווען אין דער ליטע מער פון הונדערט טויזנט, און איצט זיינען זיי צווישן די מיליאָנען דערמאָרדעטע דורך די „ס. ס. טרופּס״ . . . אַז איך זאָג דיר ,סאלי, איך בין נאָך אַלץ אין דעם צושטאַנד פון באַרוישונג. איך פיל זיך ווי איינער וואָס איז באַטרונקען . . . ווייל איך בין ערשט מיט אַ וואָך צוריק געוואָרן באַפרייט דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

איך וועל פּרוואוון באַשרייבן, מאַכן קלאָר פאַר דיר, וואָס עס מיינט צו זיין פריי! . . . כאָטש איך בין זיכער אַז דאָס איז נישט מעגלעך פאַר מיר דאָס צו טאָן. ווייל פאַר אַ מענטשן וואָס וואוינט אין אַמעריקע איז שווער צו פאַר־שטיין וואָס עס מיינט „דייטשע קעמפּס״.

כאָטש איך שטעל זיך פאָר אַז דו האָסט יאָ געהאָט די געלעגנהייט צו זען די „פּיקטשורס״, און לייענען אין די צייטונגען, וועגן די „קעמפּס״, איז עס אָבער ניט קיין פאַרגלייך צו דעם וואָס אַ פריזאָנער אין די קעמפּס האָט

געזען, און פאַרזוכט דעם טעם פון זיי . . . קיינער אין דער גאַנצער וועלט, ניט איצט, און ניט שפּעטער, וועט מיר קענען באַווייזן וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט . . .

פיר מיט אַ האַלב יאָר בין איך געווען אין פּריזאָן. יעדן טאָג געוואָרט פאַרן טויט. און טויט געווען פאַר הונגער . . . אַ העמד אויף זיך געטראָגן פאַר פינף און זעקס מאָנאַטן; אָן אַ שטיקל זייף, ניט קיין וואַסער, און ניט קיין ברויט צו דער זעט. שטענדיק געקראָגן קלעפּ פון די "ס. ס." און גע־גאַנגען שלאָפן מיט אַ פּריינט, פון פּריזאָן, און צומאָרגנס איז יענער געלעגן לעבן מיר אַ טויטער . . . כ'האָב געאַרבעט זעכצן שעה אַ טאָג, געביסן גע־וואָרן פון אייגענע לייז . . . און אפילו נישט געהאַט קיין צייט צו „ווערן" זיך קעגן זיי . . .

געלעבט אין דער פינצטערניש, ניט געוואוסט פון קיין נייעס, נישט גע־קראָגן קיין מעדיצין, צו באַקעמפן דעם טיפוס . . . ביז מ'איז געוואָרן דער־קוילעט פון די יונגע, 16־18־יאָריגע קרימינאַלניקעס, נאַציס, און צוקוקן ווי זיי פירן האַלב־טויטע צו די פאַרברענונגס־אויוונס . . . און כ'האָב געדאַרפט שמעקן דעם ריח פון פאַרברענטע קערפּערס . . . הערן די האַרצרייסנדיקע געשרייען פון מענטשן, יידן, רוסן, פראַנצויזן . . . כ'האָב געדאַרפט צוקוקן ווי עס קומען אַריין מענטשן אין די „קעמפּס" קיינמאָל צוריק נישט אַרויס־צוגיין פון דאַנען לעבעדיקע . . . און איך האָב געוואָרט און געוואוסט אַז איך וועל אויך דאַרפן גיין אין אויוון אַריין . . . ווייל קיין געלעגנהייט צו אַנטלויפן איז נישט געווען — די גאַנצע פיר מיט אַ האַלב יאָר! . . .

איך בין געווען אין פּריזאָן ווייל איך בין אַ ייד. איך האָב געוואוסט אַז קיינער פון אונדז וועט פונדאַנען ניט אַרויס אַ לעבעדיקער: אָבער גאָר פּלוצ־לונג, זיינען מיר באַפרייט געוואָרן פון דאָרט דורך יונייטעד סטייטס קעפּטען, קאָאָק, דעם צווייטן מאַי, 13 ־ 4 נאָך האַלבן טאָג . . .

סאַלי! איך האָב געקושט די פּנימער, און אפילו די קליידער פון די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן. איך האָב געוויינט ווי אַ קליין קינד, ווען איך האָב דערזען די אַמעריקאַנער טענקס. איך בין געווען ווי פריטשמעליעט, אַזוי ווי איך וואָלט פּלוצלונג געשלאָגן געוואָרן פון אַ „ס. ס." מאַן, ווען איך האָב דערזען די אַמעריקאַנער, און געהערט זיי רעדן ענגליש, און קייען טשואינג־גאָם . . .

זיי האָבן באַפרייט די לעצטע פּריזאָנערס, ווען זיי זיינען שוין געווען גרייט צו גיין צום טויט אין אַ פּאָר שעה שפּעטער . . .

אָבער מיטאַמאָל . . . זיינען די ס.ס. און די נאַצי באַנדיטן נישט גע־

וואָרן . . . אויס קעמפּס, אויס מורא! און מיר באַקומען אַ סך סיגאַרעטס, מיט אַ סך שאָקאָלאַדקעס!

מיינע פּריזאָן־קליידער וועל איך באַהאַלטן. זיי וועלן ביי מיר זיין אַ דער־מאָנונגס נומער—82123, אַלס מיין צייגעניש, אַז איך בין איינער פון די לעצטע געראַטעוועטע. איך טראָג נאָך אויף זיך מיין „יוניפאָרם״, ווייל ער האָט אויף זיך דעם „געלן שטערן״, מ׳זאָל וויסן אַז איך בין אַ ייד. און איך איייל זיך נישט אים אויסצוטאָן . . .

סאלי, דו קענסט זיך פאַרשטעלן ווי גליקלעך איך בין, וואָס מיין טאַטע און ברודער זיינען צוזאַמען מיט מיר באַפרייט געוואָרן! . . . און וואו מיין מוטער איז . . . ווייס איך נישט . . . די נאַציס האָבן זיי אָוועקגענומען פון אונדז מיט נאָך אַנדערע פרויען. מיר ווייסן ניט צי זיי לעבן נאָך . . .

און איצט, סאלי, דין איך אַלס אַן איבערזעצער פאַר דער אַמעריקאנער אַרמיי. כאָטש איך האָב זיך נישט באַנוצט מיט דער ענגלישער שפּראַך גאַנצע פיר יאָר, דאָך קען איך זיך פאַרשטענדיקן מיט מיינע נייע אַמעריקאַנער פריינט, מיט דער הילף פון אַ קליין ווערטערביכל.

אָבער דערווייל, סאלי, בין איך נאָך אַן אַ ווייטערדיקן ציל. איך פיל זיך ווי אַ ווילדער, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון דער ווילדערניש . . . וואָלט איך נאָר געהאַט אַ קאַמערא, וואָלט איך אפילו אַרונטערגענומען בילדער פון מיין איצטיקן אויסזען.

דערווייל, סאלי, פאַרענדיק איך מיין בריוו צו דיר.

איך וואַרט צו הערן פון דיר אינגיכן —

פון מיר, דיין פריינט, לארי.״



# דער מאַמעס זון

עס שטייט געשריבן אין ספר משלי — „אל תרה יין יתאדם כי יתן בכוס עינו יתהלך במישרים אחריתו כנחש ישך וכצפעוני יפרש" (קוק ניט וואָס דער וויין איז רויט, פינקלט שיין אין גלאָז און לאָזט זיך וואויל באַקומען. די ענדע איז ווי אַ ביס פון אַ גיפטיקער שלאַנג).

דאָס אויבן־געזאָגטע האָט אַ שייכות צו דעם וואָס מיינע אויגן האָבן געזען, און מיינע אויערן האָבן געהערט.

דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ „נאַכט־געריכט":

אין געריכט־זאַל זיינען געווען אַ סך מענטשן. אין אַ באַזונדער ריי, זיינען געשטאַנען אַלע וועלכע האָבן זיך באַדאַרפט שטעלן פאַרן ריכטער: אָפּגעבן רעכענונג פאַר זייערע אָפּגעטוענע פאַרברעכנס.

צוזאַמען מיט די געזעץ־פאַרברעכער, איז דאָרט געשטאַנען אַן עלטערער ייד: אַ קורצער און אַ בלאַסער. צווישן אים און די איבעריקע, איז געווען דער קאָנטראַסט שטאַרק קענטיק, און די זייטיקע צושויער האָבן אויף אים געקוקט מיט איבערראַשונג. ער האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צו דער חברותא . . .

ענדלעך האָט מען אויסגערופן זיין נאָמען, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן ריכטער אָן מורא. פון זיין בלאַס פּנים האָט אַראָפּגעשיינט אַ שטילער פּאַטערלעכער שמייכל, גלייך ער וואָלט דאָ געשטאַנען ביי זיך אין שטוב.

הינטער אים האָט זיך באַלד צוגעשטעלט אַ הויכער נעט־געקליידטער יונגערמאַן. ער האָט אויך אַרויפגעקוקט צום ריכטער.

— „דאָס זייט איר דעם באַשולדיקטנס אַדוואָקאַט?" — האָט דער ריכ־טער געפרעגט דעם יונגנמאַן.

"ניין, איך בין זיין זון, — האָט ער געענטפערט דעם ריכטער.

דער ריכטער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטיפט אינם פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן פאַר זיינע אויגן, דערנאָך האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ בייז קול:

— אַזוי גאָר?! . . . דאָס האָט איר געהייסן אייער פאָטער אַרעסטירן?!" . . .

— "יעס, יור האָנאָר . . . — האָט דער זון געענטפערט.

דער ריכטער האָט אויף אים מער ניט געקוקט, נאָר ער האָט אַ פרעג געטאָן דעם אַלטן:

— „איר דערקלערט זיך שולדיק? צי ניט שולדיק? . . ."

— „איך בין שולדיק, דזשאַדזש," — האָט דער אַלטער אים געענטפערט מיט אַ ווייך קול, און דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן אינדערהויך זיינע ציטער־

דיקע הענט, און ער האָט זיך ביים ריכטער געבעטן: „יור האנאר! גיט מיר אַ געלעגנהייט, נאָך איינמאָל! . . . איך האָב אויסגעטרונקען אַ קליין ביסעלע וויין . . . אַ צווייטן מאָל, וועל איך עס נישט טאָן . . . ״

דער אַלטער ייד איז שטיל געבליבן. ס׳איז געווען קענטיק אויף אים, אַז ער שלינגט זיינע טרערן . . . ווען ער האָט זיך פון „זיי״ באַפרייט . . . האָט ער ווידער גענומען רעדן צום ריכטער: — „איר פאַרשטייט, דזשאַדזש . . . איך בין אַ קראַנקער מענטש . . . מיין ווייב איז אויך קראַנק, און פאַר „עפּעס״ איז זי געוואָרן ברוגז . . . זי האָט מיך אַרויסגעטריבן פון שטוב . . . איך בין געשלאָפן אין „סטאָר״, וואו איך אַרבעט. און איך האָב זיך געפילט שטאַרק קאַלט . . . האָב איך אויסגעטרונקען אַ ביסעלע וויין, צו דערוואַרעמען זיך . . . אָבער איך פאַרזיכער אייך, יור האנאָר, אַז אַ צווייטן מאָל וועל איך עס נישט טאָן, איך בעט אייך, גיט מיר נאָך איין טשענס! . . .״

דעם אַלטנס רייד, זיין וויינענדיקע שטים, האָט ביי די אַנוועזנדע גערירט די הערצער . . . ווייל זיין שטים איז געווען אַזוי רירנד . . . אַזוי רחמנותדיק, אַז זי האָט געקענט רירן אַ שטיין . . . נאָר ער האָט ווייטער גערעדט צום ריכטער:

— „נאָכדעם ווען מ׳האָט מיך פון שטוב אַרויסגעטריבן, האָב איך זיך געפילט שטאַרק עלנט . . . ס׳איז מיר געוואָרן קאַלט, און איך האָב געפילט אַז איך ווער קראַנק! . . . ״

— „נו?״ — האָט דער ריכטער אַנגעשטעלט אַן אומפריינטלעכן בליק אויפן זון — „וואָס וועט איר איצט אַ זאָגן? . . . ״

— „יור האנאר״ — האָט זיך דער זון צעטנהט — „אויב איר קענט אים פאַרמשפּטן אויף אַ לאַנגן טערמין, און דערנאָך אַ טייל „סוספּענדירן״, וועט עס אים אפשר אָנלערנען. איר האָט געלייענט דעם „רעפּאָרט״, און איר קענט פאַרשטיין ווי „שווער דאָס איז פאַר מיר צו זאָגן . . .״

דעם זונס רייד, אַזוי ווי ער האָט צום ריכטער גערעדט, וועגן זיין טאַטן, האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט און אַ פאַרדרוס ביי די צו־הערער. און דער ריכטער האָט אויך געהאַלטן צוגעמאַכט זיינע אויגן, בשעת דער זון האָט געהאַלטן די „באַשולדיקונגס־רעדע״ קעגן זיין אייגענעם פאָטער — ווען ער האָט דערנאָך געזאָגט צו זיין טאַטן:

— „טאַטע! גלויב מיר, אַז ס׳איז נישט גרינג פאַר מיר אַזוי צו רעדן. איך ווייס אַז דו וועסט „אַרויסקומען״, וועסטו האַלטן דיין צוזאָג. דו וועסט מער נישט טרינקען. טאָמער יאָ, וועל איך הייסן מ׳זאָל דיר ווידער אַרעס־טירן! . . . ״

דער ריכטער האָט געעפנט זיינע אויגן, און אַ זאָג געטאָן: — „וועל . . . אין אַנבאַטראַכט זיינע יאָרן, וויל איך דעם אַלטן דזשענטלמאַן דאָ לאַנג ניט אויפהאַלטן . . . ״

דער אַלטער ייד האָט זיך דערפרייט פונם ריכטערס ווערטער, און ער האָט זיך געבעטן:

— „אָ, פּליס דזשאַדזש! גיט מיר נאָך איינמאָל אַ טשענס! מיין זון וועט מיך נעמען אַהיים אויף זיין קאַר, לאָזט מיך גיין אַהיים! . . . ״

נאָר דער קטגור, דער זון, לאָזט ניט אָפּ: ער מאָנט „גערעכטיקייט״ ביים ריכטער: ״יור האנאָר! איך דענק אַז ער מוז אַמאָל באַשטראָפט ווערן! איך מיין אַז עטלעכע טעג אין דזשייל, וועט אים אַ סך גוטס טאָן . . . מיין מוטער איז שטאַרק קראַנק, און דער דאָקטאר האָט פאַרזאָגט אַז זי מוז האָבן פול־שטענדיקע רו, אָן שום אויפרעגונג. ווען מיין פאָטער נעמט אַ טרונק, קענט איר זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי הויך ער הייבט זיין קול . . . און מיין מוטער קען דאָס ניט איבערטראָגן . . . ס׳איז „איר געזונט״ וואָס מיך באַאומרואיקט . . . עס קען זיין, אַז ער קען זיך ניט העלפן, אָבער אַ פּאָר טעג אין דזשייל, וועט אים אויסניכטערן! . . . ״

און דער אַלטינקער ייד, דער טאַטע פון דעם „וואויל געלערנטן״ זון . . . איז געשטאַנען און ער האָט געוויינט . . .

אַלע מענטשן אין געריכט־זאַל האָבן געשוויגן. אָבער ניט אַלע האָבן דעם אַלטנס געוויין פאַרשטאַנען . . . יעדער צוקוקער האָט אים אַנדערש פאַרשטאַנען:

איינער האָט געטראַכט, אַז ער וויינט אויס „פרייד״, אויסהערנדיק די שיינע דרשה וואָס דער זון זיינער האָט אָפּגעהאַלטן פאַרן ריכטער. און עס האָט צענומען זיין אַלטע האַרץ . . . ער האָט דאָך אים אַליין צוגעגרייט, אויסגעהאַלטן אים אין קאָלעדזש, געמאַכט אים פאַר אַ לייט און געלערנט אים, אַז ער זאָל האַלטן בכבוד דער מאַמען! . . .

אַ צווייטער האָט געטראַכט, אַז דער אַלטער וויינט אויס פרייד, הערנדיק ווי זיין זון איז גרייט מקריב צו זיין „זיך״ פאַר זיין מאַמען . . . ווייל ער האָט איר שטאַרק ליב . . .

אָבער גיכער פון אַלץ האָט דער טאַטע געטראַכט וויינענדיק:

— „אוי לאָזנים שכך שומעות!״ — „וויי צו מיינע אוירן וואָס דאַרפן הערן, אַז מיין אייגענער זון וויל דווקא זיין טאַטן אין אַ תפיסה פאַרשפאַרן! . . . ״



# געזאַנג צו ערד

By EDNA O'BRIEN

פון עדנא אָ'ברייען

די ערד איז מיין אָנהייב
און איך בין דאָס קערנדל!
איך צעברעך מיין האַרץ דאָס ליב צו האָבן:
פון דעם ריזיקסטן בוים, ביז אַ גרעזל,
פון דעם העכסטן באַרג, ביזן שאָטן פון טייכל,
פון דעם ווינטער ביזן פרילינג,
פון דעם גרעסטן ים, ביז אַ קערנדל זאַמד,
פון דער קריכנדיקער מירשקע, ביזן פליגל.
די ערד איז מיין אָנהייב
און איך בין דאָס קערנדל!
איך האָב קיינמאָל ניט גענוג פון דעם
אַזוי טיף איז מיין האַרצס פאַרלאַנג.
איך קוק, און דאָך בין איך קיינמאָל ניט פול.
ווייל ס'איז אַזויפיל דאָ צו זעען!
נאָך וואָס פריידיקער דרשענען וועגן „גאָלדענע גאַסן",
איז אינגאַנצן פרעמד צו מיר!

# נאַכט-רעגן

**By EDNA O'BRIEN**

**פון עדנא אָ'ברייען**

**איך צי אַרויף דעם קאַלטן ליילעך, שטייף אַרום מיין קערפּער.**
**דעם צודעקס ווייך־באַריר גלעט מיין נאָז, מיין באַק.**
**איך ליג אין דער פינצטער מיט אויפרעג פון דערוואַרטונג,**
**ביז דער הימל ברעכט זיך אָפּן — דער רעגן האָט אָנגעהויבן! . . .**
**די האַרטעביין־טרוקעניש אָן וואַסער, איז פאַריבער!**
**די ערד, מיין דאָרשטיקע ערד, טרונקט זיך טיף אָן.**

**איך פיל די ערד איז מיט נאַסקייט אָנגעזאַפּט,**
**איך פיל די קאַלטע רעגן־פליסיקע טראָפּנס, זיפּן**
**טיפער און טיפער, צו קושן איעדן זוים!**

**איך בין דער שיכרות־צאַפּן, דער שטאַם אינם פינצטערן ליים,**
**דאָס קליינע נייגעריקע מויל פון אַלע גרינע בלעטעלעך;**
**איך בין דעם בוימס קני, זיין מאַרך־טראָפּן . . .**
**איך בין דאָס גראָז . . . דער נאַסער רעגן־שפּראָץ אויף דער בלום . . .**
**איך בין אַלץ וואָס עס וואַקסט: די ביימער, די לופט . . .**
**איך בין אַ דאָרשטיק לעבן און איך טרונק!**
**ווען איך ליג דאָ — בין איך אומעטום . . .**

---

(די צוויי פּאָעמעס באַלאַנגען צו אַן ענגלישער דיכטערין, וועלכע איז אונדזערע אַ פריינט שוין פּאַר אַ סך יאָרן. מיט איר דערלויבעניש האָב איך די צוויי פּאָעמעס איבערזעצט אין יידיש, און איינגעשלאָסן זיי אין דעם בוך).

# אויף מיין אייגן שטיקל ערד

מיין „חלום" איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך האָב אויסגעביטן די גרויסע שטאָט אויף אַ קליין שטעטל, וואו דער יאָך פון לעבן וועט זיך אויף מיינע באַיאָרנטע פּלייצעס ניט אַוועקלייגן אַזוי שווער.

פיר צענדליק מייל פון דער גרויסער שטאָט לאָס אנדזשעלעס, האָב איך פאַר זיך געקויפט אַ קליין שטיקל לאַנד, אויפגעבויט אַ הויז, פאַרפלאַנצט אַ ביסל ביימער, בלומען, און דערצו נאָך אַ גאָרטן לעבן הויז געמאַכט.

די נייע אומגעגענט, אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער שטאָט, האָט אויפגעלעבט מיין באַשווערט געמיט: די שטילקייט אויף דער גאַס, וואו איך האָב זיך באַזעצט, דער אָפענער הימל, און די דערבייאיקע אויפגעאַקערטע פעלדער, ווייַנגערטנער, אָראַנזש-גערטנער, און די הויכע בערג, האָבן מיינע צעשרויפטע נערוון באַרואיקט.

ביסלעכווייז האָב איך זיך געגומען באקענען מיט דעם ארום: די נייע שכנים און זייערע שטוביקע חיות. אינדרויסן האָב איך „אַנטדעקט" אַ זון-אויפגאַנג און כ'האָב זיך צוגעהערט צום געזאַנג פון די פייגל, און צום שכנס הינער, ווען זיי „צערעדן זיך" אין אַ באַגינען.

די גאַס, אויף וועלכער איך האָב מיין נייע היים געמאַכט, איז די שענסטע אין דער סביבה: זי איז לאַנג און ברייט: פון ביידע זייטן ציען זיך, פאַר מיילן ווייט, גרינע פעפער-ביימער, און אַנטקעגן מיין הויז אַ „פּאַרק" מיט אַ גרינער לאָנקע, מיט אַלערליי בלומען, און הויכע, פאַרשפּיצטע „נאַדל-ביימער", אַזוי ווי „בלייפעדערס", ציען זיי זיך אַלץ העכער צום הימל, ווי זיי וואָלטן „וועלן" אויף אים פאַרשרייבן אַלץ וואָס דער ווינט און די פייגל, וואָס נעסטלען דאָרט, „רעדן אַריין" אין זיי . . .

מיין אייגן שטיקל ערד איז מיר געוואָרן גאָר טייער; כאָטש ווייסן ווייס איך נאָך ניט ווי אומצוגיין אַרום דעם. די ביימעלעך, וועלכע איך האָב אין דער ווייכער ערד אַריינגעזעצט, שטייען און וואַרטן אויף מיין הילף. דער גאָרטן שטייט אַ „דאָרשטיקער" און אַ „הונגעריקער", ער „בעט" אַ ביסל זריעה, און אַ סך וואַסער . . .

האָב איך באַשלאָסן אין מיין געדאַנק, אַז דאָס גלייכסטע וועט זיין, ווען איך וועל זיך וועגן דעם מיישב זיין מיט מיינע שכנים.

און די גויאישע שכנים זשאַלעווען נישט זייער צייט, זיי קלערן מיר אויף, גיבן עצות, ווי מען דאַרף די ערד באַאַרבעטן, אַז דערפון זאָל עפּעס אַרויסוואַקסן.

שווער קומט מיר אָבער אָן דאָס צוגעוואוינען מיינע שוואַכע הענט צו

די ערד־געציייג, צו דער גראַבליע, און צום גראַב־אײַזן. נאָר דער פרייער ווילן, און די ליבע צום אייגן שטיקל ערד, זיינען גובר אַלע שוועריקייטן.

און דעם רעזולטאַט פון מיין שווערער אַרבעט דערזע איך איצט, אָנהייב פרילינג, ווען אַלץ וואָס כ׳האָב געזייט און געפלאַנצט האָט פון דער ערד גענומען אַרויסוואַקסן. און אין אַ פרימאָרגן, ווען די זון „לאָזט זיך אַרויס" אויף איר טעגלעכן שפּאַציר אויף דעם קלאָרן הימל, גיי איך אַרום באַקוקן מיינע געוויקסן. איך שטעל זיך אָפּ לעבן מיינע פאַנאַנדערגעבליטע „פענזיס". קוקנדיק אויף זייערע קאָלירטע בלעטעלעך, דוכט זיך מיר אַז איך זע גאָר לעבעדיקע שמעטערלינגען. און די „קאַליפאָרניער פּאָפּיס", וועלכע זעען אויס ווי גאָלדענע בעכערלעך, זיינען אָנגעפילט מיט שטראַלן פון דער ליכטיקער זון. און דער „יאַסמין", מיט ווייסע שטערענדלעך, ליגט שוין אויסגעשפּרייט אויפן גראָז און באַצירט דעם גרינעם טעפּיך אַרום מיין הויז.

מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט באַנעם איך זיך צו די „רויזן", וועלכע איך האָב מיט מיינע הענט פאַרפלאַנצט. איך רעד צו זיי ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע. איך האָב זיך שוין באַקענט געמאַכט אַפילו מיט זייערע „נעמען": אָט קוקט צו מיר די „קריסטאַפּאַר סטאַן" — דאָס איז אַ רויז מיט אַ רויט, דעליקאַט פּנימל, זי איז אויסגעפּוצט אין אַ גרין בלעטערדיק קלייד . . . און די „דזשעק" ראָז", מיט אירע שאַרלעך־רויטע בעקעלעך, חנדלט זיך צו מיר מיט איר „מיידלשער דינקייט". און די „בלאַסע לאַפּראַנס", איז ווי „שעמעוודיק" . . . זי האַלט אירע בלעטער־ליפּן אויסגעשטעלט צו מיר, ווי זי וואָלט געשעפּשעט צו מיר אַ שטילן „סוד" . . . אָן אויסגעפּוצטע, אין אַ „ווייסן שלייער", שטייט די רויז מיטן נאָמען „ברייד", זי זעט אויס ווי אַ כלה צו איר חופּה . . .

און איך באַדין זיי אַלע מיט צערטלעכקייט. איך צעגראָב אַרום זיי די ווייכע ערד, באַפריי זיי פון ווילדע געוויקסן, איך גיס אַרום זיי אַ שטראָמיק וואַסער, פאַר וועלכן זיי צאָלן מיר אָפּ מיט זייערע איידעלע גערוכן פון דעם בעסטן פּערפיום . . .

און אין וואַרעמע טעג, ווען אַלץ איז שוין געצייטיקט, און קוקט צו מיר מיט זייער שיינקייט, קען איך מיינע אויגן ניט אָוועקנעמען פון זוניקן בילד, וואָס די „נאַטור" האָט אויסגעמאָלן מיט אירע אייגענע פאַרבן; אין גאָרטן וואַקסן די מערן מיט גרינע קרוינען אויף זייערע יונגע קעפּלעך, און די רויטע בוריקעס האָבן אויסגעשפּרייט אַרום זיך זייערע געשניצטע בלעטער, ווי גרינע פעכערס, און גרינע אוגערקעלעך וואַרעמען זיך קעגן דער זון.

אין די זומער־פרימאָרגנס האָב איך זיך אויסגעלערנט אויפּצושטיין פרי, און אַרויסגיין באַגעגענען דעם זון־אויפגאַנג: אין מזרח, פון יענעם זייט באַרג, הייבט זיך ארויף א פייערדיק קויל. דער הימל ווערט באַלויכטן מיט רויטע און בלויע פאַרבן. דער הימל ווערט אַלץ ליכטיקער און „באַרג־באַלדיי" שאַרט

אַראָפּ פון זיך דעם טונקלען שלייער, וואָס די נאַכט האָט אויף איר אויסגע־האָפטן, פון אירע טויאיקע טראָפּנס, און זיין האַרבאַטער „קאָרק" באַדעקט זיך מיט אַ גאָלדן צודעק פון זוניקע שטראַלן . . .

אין אַ פרימאָרגן באַגעגן איך זיך מיט מיינע שכנים, ווען זיי קומען אַרויס אַפּטאָן אַ ביסל אַרבעט אין זייערע גערטנער:

— „גוד מאָרנינג, מיסטער ווייסמאַן!" — שרייט אַריבער דער שכן, מיסטער ראָסס.

„גוד מאָרנינג טו יו", — ענטפער איך, און איך טו מיט דער האַנט אַ ווייז־אָן אויף מיין צעבליטן גאָרטן, וועלכער קוקט אויס אַזוי שיין.

— „דו יו נאָו, מיסטער ווייסמאַן", — גייט שוין מיסטער ראָסס צו נעענטער צום פּאַרקאַן, — „דיס איז די פוירסט טיים אין מאַי לאַיף, דאַט עי דזשואיש נייבאָר וואָס וויליגג טו לוירן סאָמטינג פראָם מי! . . ." (דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אַז אַ יידישער שכן איז געוועזן גערן צו לערנען עפּעס פון מיר).

און אַז עס קומט אַרויס דער צווייטער שכן, מיסטער דזשוינס, און ער דערזעט זיינע בײדע שכנים שטייען און רעדן, שרייט ער אויך אַריבער איבערן דראָטענעם פּאַרקאַן: — „גוד מאָרנינג, נייבאָרס! . . . נייס מאָרנינג טודיי! — (גוט מאָרגן, שכנים, אַ שיינער פרימאָרגן היינט), און מיסטער ראָססן געפעלט איבערצוזאָגן נאָכאַמאָל די זעלבע ווערטער וואָס ער האָט פריער צו מיר געזאָגט.

מיסטער דזשוינסן געפעלט דאָס. ער נעמט אַרויס פון זיין מויל דאָס ליימענע ליולקעלע, טוט אַ וויטן שפּיי . . . און ער זאָגט: — „יו בעט! . . . נייס פעלאָו, מיסטער ווייסמאַן!" (זיכער אַ פיינער מענטש, מיסטער ווייסמאַן).

איך באַדאַנק זיי ביידן פאַר זייער פריינטלעכקייט און מיר אַלע צעגייען זיך יעדער צו זיין אַרבעט.

און זייענדיק דאָ האָב איך שוין „אויסגעפונען", אַז דאָ זיינען די „טעג" אַ סך לענגער ווי אין דער גרויסער שטאָט. און מענטשן איילן זיך ניט, פונקט ווי די זון איילט זיך ניט צו פאַרגיין. מיט באַזאָכטער רואיקייט טו איך אָפּ מיין אַרבעט דורכן טאָג, און בשעת איך טו די ארבעט „מורמלען" מיינע ליפּן אַ דאַנק צום באַשעפער, וואָס האָט מיר צוריקגעקערט מיינע כוחות, און מיינע אויגן געעפנט, אַז איך זאָל קענען דערזען די שיינקייטן פון דער נאַטור . . .

— — — איך פאַרקוק זיך אויף די יונגע ביימעלעך, וועלכע איך אַליין האָב זיי געפלאַנצט, און באַוואונדער ווי זיי זיינען שוין „מיט מזל געוואָרן טראָגעדיק" . . . ווייל איך זע שוין אויף זיי די ערשטע פרוכטן; דאַן פילן זיך מיינע אויגן אָן מיט טרערן.

אמת, די אַרבעט איז פאַר מיר ניט קיין גרינגע: דער גראָבאייזן, און די מאָטעלקע, האָבן מיינע הענט געמאַכט „שאָרסקע" . . . דערפאַר, אָבער, האָבן מיינע אויגן אויפגעלויכטן מיט אַ יוגנטלעכן גלאַנץ . . . ווייל דאָ, אויף מיין

אייגן שטיקל ערד, אונטער אַ פרייען הימל, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם ריכטיקן „פשט״ אויף דעם פסוק, וועלכן איך האָב אַמאָל געלערנט אין חדר: — „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״ (ווען דו וועסט עסן פון אייגענער האָרעוואַניע, איז אַזוי גוט און וואויל צו דיר).

און ליב איז מיר אויך דער „פאַרנאַכט״: דאָ זע איך די זון פאַרגיין אין מערב זייט. און ווען זי „באַהאַלט איר פייערדיק פנים״ צווישן די באַבלעטערטע ביימער, וועלכע וואַקסן אַנטקעגן מיין הויז, דערזע איך דעם אַריינטריט פון דעם היימישן בין־השמשות . . . איך זע דאָס אָפּגעשלאָגענע ליכט פון דער זון אויף מיינע שויבן־פענצטער, און דערפיל די פרייד אין מיין האַרץ . . .

פאַרנאַכט שטעל איך זיך אַרויס אינדרויסין מיטן וואַסער־שפּריצער אין האַנט, און איך באַגיס דאָס גרינע גראָז, די דאַרשטיקע בלומען, און די בלעטערדיקע פאַרצאַמונגען. אַרום זיי זאַמלען זיך אָן „טייכעלעך״ וואַסער, און קליינע פייגעלעך קומען צו פליען, זיי נידערן צו דער ערד, שטעלן זיך אַריין אין וואַסער, טונקען זייערע קעפּעלעך, און „שעפּן״ מיט די שנעבעלעך ביסעלעך וואַסער און באַשפּריצן זייערע באַפּעדערטע פליגעלעך. קוקנדיק אויף זיי, דערמאָנט עס מיך אין אַ קליין טייכל אין אַמאָליקן היימישן שטעטל, וואו די קליינע קינדערלעך האָבן זיך „אויך געבאָדן״ . . .

דערווייל פאַרשווינדט די זון ווייט הינטער דעם האָריזאָנט, און דער הימל ווערט, ווי פון אַ פליסנדיקער לאַווע, פאַרגאָסן אין פלאַמיקע טייכן . . .

ווען די „פּאַפּיס״ און די ״דייזיס״ מאַכן צו זייערע אָפענע „מיילכעלעך״, אַזוי פאַלט צו די נאַכט . . . און אַלץ אַרום איילט זיך צוריק אין זייערע נעסטן אַריין: די פייגעלעך, די מוראַשקעס ציען צו זייערע גריבלעך, און די בינען, וועלכע האָבן אַ גאַנצן טאָג „געזשומט״ אויף די בלומען, פליען אויף גיך צוריק צו זייערע בינשטאָקן. נאָר דאָס קליינע שפּינעלע לעבן גאַניק הערט ניט אויף צו שפּינען דעם וועב . . . און אַלץ, אַלץ ווייסט ווי צו באַשיצן זיך פון דער נאַכט, כדי צו קענען ווידער באַגעגענען די אויפגייענדיקע זון.

אינדרויסן ווערט טונקל. אַ זומערדיק ווינטל צעוויגט די יונגע ביימלעך, און זייערע גרינע צעפּלאָסענע „קעפּלעך״ בייגן זיך מיט עניוות צו מזרח . . .

איך פאַרקוק זיך אין דער הייך און זע די בלישטשענדיקע שטערן צינדן זיך אָן אויף דעם הימל . . . אַלץ אין דעם אַרום ווערט איינגעשטילט.

איך זעץ זיך אויפן גאַניק און נעם אויף די שטילקייט פון דער נאַכט . . .



# פייגעלעך ווערן מיינע שכנים

זומערלעב, ווען די זון וואַרעמט אָן די ערד, די ביימער טוען זיך אָן מיט גרינס, און די פייגעלעך זיינען שוין צוריקגעקומען, האָב איך ליב צו פאַרקוקן זיך צום הימל, קוקן, ווי זיי פליען טשאַטעסווייז. אָט טיילן זיי זיך פאַנאַנדער, אָט קומען זיי זיך צוזאַמען, און אָט דרייען זיי זיך אין אַ ראָד. קונצן מאַכן זיי!

איך האָב אויך ליב צוצוקוקן זיך, ווי פייגעלעך נעמען זיך פּאָרן. זיי הייבן אָן אַרומצופליען ביינאַנד פון איין בוים צו אַ צווייטן, שפּילן אין באַהעלטעניש, קומען זיך ווידער צוזאַמען. זיי פאַרטשעפּען זיך מיט זייערע שנעבעלעך, און דאָס מיינט שוין מסתמא, אַז זיי האָבן „חתונה געהאַט". זיי פלאַטערן ווידער צוזאַמען, ביז זיי געפינען אַ פּאַסיק ערטעלע פאַר זיך — אַ נעסט צו מאַכן.

אָבער אַ יעדער מין פויגל בויט אַנדערש די נעסט: למשל, דער שפּאָט־פויגל („מאַקינגבוירד") מאַכט די נעסט ערגעץ אין אַ באַהאַלטן אָרט צווישן אַ געדיכטער בלעטער־וואַנט. דער בוי־מאַטעריאַל פאַר דער נעסט באַשטייט פון דינינקע צווייגעלעך און טרוקענע גראָזן.

און די לערכע („לאַרק") בויט איר נעסט צווישן הויכן גראָז, כדי מ׳זאָל זי ניט אַרויסזען. די „ראָבין"־פייגעלעך בויען די נעסט גלייך אונטערן ברעג פון אַ הויז־דאַך. פריער באַצייכענען זיי דאָס אָרט: זיי קלעפּן אָן אַ פּאָר שטיקעלעך בלאָטע און לאָזן זיי גוט פאַרטריקנט ווערן. דערנאָך קומט צו פליען דער „מייסטער" און שטעלט זיך מיט די פיסעלעך אויף דעם פאַרטריקנטן בלאָטע־בערגעלע, און די „פּראָסטערע אַרבעטער" פייגעלעך ברענגען אין זייערע שנעבעלעך די ציגל (שטיקעלעך בלאָטע). דער „מייסטער" נעמט זיי איבער פון זיי אין זיין שנעבעלע און לייגט די „ציגל" איינס־אויף־דאָס־צווייטע מיט אויסגערעכנטער פּינקטלעכקייט, ווי פון אַ פריער צוגעגרייטן „פּלאַן". צוערשט קלעפּט ער אויס דעם „פונדאַמענט", מאַכט אַ קיילעכיקן צירקל. דערנאָך לייגט ער אויס די בלאָטע־ציגעלעך איינס־אויף־ס׳אַנדערע. די נעסט וואַקסט אויס אין אַ קיילעכדיק טעפּעלע מיט אַ געאָמעטרישער פּינקטלעכקייט. די עפענונג (די טיר) איז אויסגעפורעמט, אַז בלויז איין פייגעלע זאָל קענען אַריינפליען פאַר אַמאָל. פאַרטיק געוואָרן, לאָזט מען עס גוט אויסטריקענען אין דער זומערדיקער זון.

ווען דאָס נעסטעלע איז שוין טרוקן, די ציגעלעך פאַרהאַרטעוועט, ערשט יעמאָלט הייבט זיך ביי זיי אָן אַ פליעניש. פון אַלע זייטן פליען אָן פייגעלעך, און איטלעכס פייגעלע ברענגט עפּעס אין מיילכל. דאָס זיינען מתנות פאַרן

פּאַרפּאַלק, וואָס גייט זיך באַזעצן. ווען דאָס „מעבל" און „בעטגעוואַנט" זיינען שוין אויך פאַראַן, יעמאָלט צעפליען זיך אַלע איבעריקע פייגעלעך, די פריינט, און דאָס „פּאַרפּאַלק" בלייבט איבער אַליין אינעם נעסטעלע. דער „ער" פליט אַלע ווייַלע אַרויס פונם נעסטעלע און קומט גלייך צוריק מיט עפּעס אין מיילכל.

אָבער דאָס מיינט נאָך ניט, אַז דאָס „פּאַרעלע" איז פון זייערע פריינט, די פייגעלעך, אינגאַנצן איבערגעלאָזט געוואָרן „אויף הפקר". זאָל נאָר ווער פון די אַרומיקע קונדייסים וועלן צוגיין נאָענט צו דער נעסט, וועלן גלייך קומען די פייגעלעך צו הילף: זיי וועלן נעמען אַטאַקירן פון אַלע זייטן דעם שטערער, ביז יענער מוז זיך צוריקציען.

און דאָס שפּערלינג־פייגעלע האַלט זיך נאָך אַלץ ביי דער „אַלטער מאָדע": פאַר דעם איז גענוג אַ פּיצל „ערטעלע", מעג עס זיין לעבן אַ פענצטער, וואו ס'איז נאָר מעגלעך דאָרט צוצוגרייטן מיט אַ ביסעלע צונויפגעקליבענע פעדערן, אָדער געטריקנטע גראָזן. עס מאַכט נישט אויס וואָס עס איז, אַבי עפּעס „אונטערגעבעט", אַז דאָס פייגעלע־מאַמע זאָל קענען זיך „זעצן" אויף דעם און לייגן די קליינינקע אייעלעך. דאָס שפּערל־פייגעלע בויט ניט קיין פּאַלאַצן, ווי עס טוט דאָס ראָבין־פייגעלע. און דאָס שפּערל־פייגעלע אונטער־שיידט זיך אויך פונם ראָבין־פייגעלע מיט זיין געזאַנג: דער „ראָבין" פאַרמאָגט אינגאַנצן עטלעכע „טענער", אויף וועלכע ער זינגט כסדר: „טשערי־טשעראָפּ!... טשערי־טשעראָפּ!..." און דאָס שפּערל פאַרמאָגט טענער, וואָס זיינען מוזיקאַ־לישע, און עס זינגט זיך אַזוי שיין, אַז עס דערמאָנט אין די קאַנאַריקלעך, וועלכע מען האַלט אין שטייגעלעך פאַרשפּאַרט.

דאָס גרעסטע פאַרגעניגן אָבער פאַרשאַפט מיר דער שפּאָט־פויגל („מאַ־קינגבוירד"), דער גרוי־און־ווייסער פויגל מיטן לאַנגן פעדער־עק, וואָס איז פאַררעכנט פאַרן בעסטן זינגער. צומערסטנס הער איך דאָס געזאַנג אינדערפרי, וואָס איז אַן אימיטאַציע פון דעם געזאַנג פון אַלערליי פייגל. אַמאָל זיינען די טענער זייער לירישע, און אַמאָל זיינען די טענער גרילצנדיקע, ווי דער פויגל וואָלט פון עמעצן אָפּגעלאַכט. דערפון נעמט זיך זיין נאָמען „שפּאָט־פויגל" („מאַקינגבוירד").

און די לערכע („לאַרק"): דער פויגל איז אַ זינגער מיט אַ „יחוס". ער איז אויך אַן אָפּטער גאַסט. זיין באַליבט אָרט איז דער פּאַרקאַן, אויף וועלכן ער שטעלט זיך אַוועק און זינגט אויף אַ הויכער אָקטאַווע, ווי ער וואָלט געשפּילט אויף אַ פייפל.

איך האָב שוין דערמאָנט אויבן, אַז דאָס שפּערל־פייגעלע זינגט האַרציק, ווי אַ קאַנאַריק. איינמאָל איז אַ פּאָרל שפּערלעך געוואָרן ביי מיר שכנים. אויפן גאַניק הענגט אַ בלומען־טעפּעלע. איז עס גראָד אַ ליידיקס. האָבן זייערע „אויסשפּירער" — די, וועלכע יאָגן זיך אַרום און געפינען אַ פּאַסיק אָרט, וואו צו קענען ברענגען אַ נייעם דור שפּערל־פייגעלעך, אַנטדעקט דאָס טעפּעלע

און געפלויגן אָנזאָגן די גוטע נייעס. באַלד זיינען אָנגעפלויגן אַ צענדליק שפּערלעך מיט „אַלדאָס גוטס" אין זייערע שנעבעלעך: ווער אַ שטרויעלע, און ווער אַ דין צווייגעלע און ווער אַן אויסגעטריקנט גרעזעלע. ס'האָט ניט געדויערט לאַנג, און דאָס נייע „חדרל" זייערס איז אויסגעבעט געוואָרן לויט דער לעצטער מאָדע און איז געוועזן גרייט פאַרן פּאָרעלע, וואָס האָט זיך באַזעצט מיט נחת און פרייד . . .

נאָר אין זאַך האָבן די שפּערלעך פאַרזען. עס איז זיי הפּנים גאָר ניט איינגעפאַלן אין זייערע קליינע קעפּעלעך, אַז אַחוץ זיי אינם קליינעם טעפּעלע איז גלייך הינטער דער צוגעמאַכטער טיר פאַראַן אויך איך, דער באַלעבאָס פון הויז, וואָס וועט אַלע ווײַלע אַן עפן טאָן די טיר און כאַפּן אַ קוק אינם טעפּעלע. נאָך עפּעס האָבן זיי פאַרגעסן, אַז טאָמער וועט גאָר דער באַלעבאָס איינגאַנצן ניט וועלן האָבן זיי פאַר שכנים. זיי טומלען דאָך אַזוי! אָבער ווי האָט אַזאַ קלייניקייט געקענט זיי גאָר אינם פייגלשן קעפּל איינפאַלן? — — —

אַ סך טעג זיינען פאַרגאַנגען, ביז איך האָב אין אַ פרימאָרגן דערהערט די גוטע בשורה: „צווי, צווי, צווי!"... אַ נייער דור שפּערלעך איז מיט מזל פון די אייעלעך אין טעפּעלע אַרויסגעקראָכן . . .

און אינדרויסן ווייסט זיך שוין אויף טאָג. אין דער מאָרגן־שטילקייט זינגט די מאַמע פאַר אירע פּיצעלעך אַזאַ וויגליד. איר האַרץ צעגייט פון נחת, און אויף איר פויגלשער שפּראַך רעדט זי צו אירע ניי־געבוירענע קינדערלעך אַזוי זיס, אַזוי האַרציק. און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי זאָגט צו זיי:

— אַ גוטער מאָרגן אויף מיינע פּיצעלעך! . . . אָט באַלד, באַלד וועט אייער טאַטע טאָן אַ פלי־אַוועק, און ער וועט ברענגען אַזעלכע צאַפּלענדיקע ווערעמלעך! . . . דערפון וועט איר וואַקסן און פעדערלעך מיט פליגעלעך באַקומען! . . . און די וועלט איז אַזוי גרויס! איר וועט זי אויסמעסטן מיט אייערע פליגעלעך און צוריק אַהער קומען! . . . און דאָס וועט שוין זיין אייער היים אויף אַלע מאָל, און דאָ וועט איר מיט דער צייט אייגענע קינדערלעך אויף דער וועלט ברענגען! . . .



# פאַר און נאָכן שטורעם-ווינט

אינדרויסן האָט שוין געשמעקט מיט האַרבסט. נאָר די קאַליפאָרניער זון האָט דעם גאַנצן טאָג געוואַרעמט, גלייך עס וואָלט נאָך ערשט געווען אויגוסט.

פאַרנאַכט, ווען די פאַרגייענדיקע זון האָט ווי „אונטערגעצונדן" דעם מעריבדיקן הימל, און די וואָלקנס האָבן זיך געקנוילט אין רויטע פלאַמען, האָט פון „ערגעץ" אָנגעבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. די ביימער האָבן זיך צעוויגט, די שוין פאַרגעלטע בלעטלעך אויף די צווייגן האָבן זיך אָפּגעקלעפּט . . . און דערשראָקענע זיך געלאָזט יאָגן נאָכן ווינט.

די אַטמאָספערע איז געוואָרן כמעט דורכזיכטיק, און ס'האָט אויסגעזען ווי ס'וואָלט דער ווייטער באַרג „באַלדי" פלוצים זיך אַ רוק געטאָן נעענטער צו דער שטאָט און מ'האָט אים געקענט זען אין זיין אומגעהויערער באַרג־שפּיציקייט.

מיטאַמאָל האָט דער ווינט אויסגעלאָשן די רויטע פלאַמען אויפן הימל און אינדרויסן איז געוואָרן טונקל . . .

דער יידישער עופות־האָדעווער, מיסטער באַרני, האָט זיך דערשראָקן פאַרן אָנקומענדיקן ווינט־שטורעם, און ער האָט גענומען לויפן רופן זיינע צוויי קינדער:

— „דעניעל! אַ צען־יאָריק יינגל) און רוטעלע! (אַן אַכט־יאָריק מיידעלע) קומט, קינדער, גיכער אין שטוב אַריין! . . . "

דעניעל און רוטעלע זיינען אָבער ביידע געווען אַזוי שטאַרק באַשעפטיקט מיט דעם „פליענדיקן קאַיט" (פּאַפּיר־שלאַנג), אַז זיי האָבן אפילו נישט געהערט זייער פאָטערס געשריי.

ווען דער ווינט האָט פאַרטראָגן אינדערהייך דעניעלס „קאַיט" ווייט, ווייט, און אין זיין האַנט איז בלויז געבליבן אַ קורץ שטיקל פאָדים, ערשט דאַן האָט ער זיך אומגעקערט צו גיין אַהיים, און זיין קליין שוועסטערל, רוטעלע, מיט אירע צעווינטיקטע בלאָנדע הערעלעך אויפן קאָפּ, איז אים נאָכגעגאַנגען אַ שטאַרק פאַרזאָרגטע.

פאַרן אַריינגיין אין שטוב, האָט זיך רוטעלע דערמאָנט אין די ניי־געבוירענע קליינע קעצעלעך, וואָס זי האָט געזען בייטאָג אַרומקריכנדיק אַרום דעם הויז. זי האָט זיי געזוכט, און זיי נישט געפונען: ווייל די מאַמע קאַץ האָט זיי שוין אַליין באַשטאַט אונטער דעם הויז, דער אָנקומענדיקער שטורעם זאָל זיי ניט שעדיקן.

דאַן איז רוטעלע, מיט אירע פאַררויטיקטע בעקעלעך, אַריינגעלאָפן אין שטוב, און דערציילט איר מאַמען פונם „אָופול טינג איט העפּענד" (די שרעק־

לעכע זאַך וואָס האָט געטראָפֿן): ס׳האָט דער ווינט אויסגעכאַפּט דעם „קאַיט״ פֿון דעניעלס הענט.

דעניעל איז אָבער נאָך אַלץ געבליבן אינדרויסן. אים האָט דער ווינט ניט געשראָקן. ער איז צוגעלאָפֿן צו דער הינער־שטייג צו טאָן „עפּעס״ אַן אַרבעט וואָס זיין פֿאָטער האָט אים אָנגעזאָגט צו טאָן, ווען ער איז אַהיימגעקומען פֿון „סקול״.

זיין שוואַרצער הונט „סענדי״, וואָס האָט אים אומעטום באַגלייט, האָט זיך שטאַרק צעהאַוועקעט אויף אים: געמיינט אים צו זאָגן, אַז איצט איז ניט די ריכטיקע צייט צו זיין אינדרויסן . . . אָבער דעניעל האָט עו־שט פֿאַרשטאַנען אַז „סענדי״ איז גערעכט, ווען דער ווינט האָט אים שיער פֿאַרשלעפּט מיט זיך. ערשט דאַן איז ער געלאָפֿן אין שטוב אַריין און „סענדי״ האָט זיך אויך באַהאַלטן אונטערן הויז, וואו די קעצעלעך מיט זייער מאַמע קאַץ זיינען געלעגן.

דער שטורעם האָט זיך שטאַרק צעברויזט, געקלאַפּט טרעוואָגע אויף די בלעכענע דעכער, געטרייסלט די הילצערנע שטעלעכלעך, געשליידערט די פּאַפּירענע קעסטלעך, און אַלטע שטיקלעך צייטונגען געהויבן אין דער לופֿטן. דער פֿאַרמערקערס אינדיטשקעס האָבן זיך „צעאָלדערט״ . . . און די רויטע קו, וואָס איז געשטאַנען אין גרויסן גאָרטן און געגריזשעט דאָס פֿאַרבליבענע גראָז, האָט זיך אויך צעשריגן מיט אַ לאַנג־אויסגעצויגענעם „מ־ו־ו־ו!״ . . . גערופֿן מ׳זאָל זי אַריינפֿירן אין איר שטאַל אַריין.

און די הינער אין די שטייגן האָבן זיך „צערעדט״, ווייל דער שטורעם־ווינט האָט גענומען זייערע פֿעדערן אַראָפּפּליקן . . .

די צוויי צעוואַקסענע פֿעפֿער־ביימער, אַרום דעם הויז, האָבן זיך שטאַרק „צעקרעכצט״, זייערע צווייגן האָבן זיך ווי מיט בייטשן צעשמיסן . . .

דער הימל, אין מזרח־זייט, האָט זיך באַהאַלטן אונטער שוואַרצע וואָלקנס... און מיט שרעק האָט אַלץ, וואָס איז אויף דער ערד, זיך „געראַנגלט״ מיטן ווינט . . . ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און דער דרויסן איז געוואָרן ניט צום דערקענען: דער ווינט האָט געוואָיעט, דאָס ביסל פֿאַרבליבענע פֿייגל זיינען געפֿלויגן זיך ראַטעווען . . . און אינדרויסן איז געוואָרן פֿינצטער. דער שטורעם האָט מיט אַ ליאַרעם אומגעוואָרפֿן ביימער אויף דער גאַס און מענטשן האָבן זיך געפֿילט ווי אויף אַ שיף אויף אַ צעשטורעמטן ים . . .

— — — צומאָרגנס אינדערפֿרי איז ווידער אויפֿגעגאַנגען די זון. דער שטורעם־ווינט איז שוין „ערגעץ״ געלעגן מיט אַן „אויסגעהויכטן אָטעם״ . . .

אָבער די לופֿט אַרום איז געווען זאַמדיק, און די ביימער, וועלכע האָבן בייגעקומען דעם שטורעם, זיינען געשטאַנען „נאַקעטע״ . . . דער ווינט האָט זייערע בלעטער צעטראָגן אויף ווייטע, פֿרעמדע שליאַכן . . . און אַרום די שטיבער, אויף דער גאַס, זיינען געלעגן אָנגעהויפֿטע זאַמד־בערגלעך, הורבעס בלעטער פֿון דער פֿרעמד, אָפּגעבראָכענע שטיקער צווייגן, בלעכענע קענדלעך,

און אַנדערע אָפּפאַלן, וועלכע האָבן ערגעץ געהאַט זייער היים . . .

דער יידישער פּאַרמער, מיטן ווייב, זיינען אַרויסגעקומען פון זייער שטוב און האָבן זיך געלאָזט גיין באַקוקן דעם דרויסן, זען וויפל שאָדן דער שטורעם האָט צו זיי אָנגעטאָן איבערנאַכט.

די פּאַרמערקע, אָנגעטאָן אין אַ רויטן שלאָפראָק, איז געגאַנגען באַקוקן די הינער־שטייגן: די הינער האָבן אַלע מיטאַמאָל זיך „צעדאַכטשעט״, גלייך זיי וואָלטן עפּעס דערציילט פאַר איר וועגן דער פאַרגאַנגענער נאַכט, די אינ־דיטשקעס האָבן זיך „צעאָלדערט״ און די קו אין שטאַל האָט אַרויסגעשטעלט איר קאָפּ, און אויסגעצויגן אַ לאַנגען — „מ־ו־ו־ו!״ . . .

די קאַץ איז אַרויסגעקראָכן פון אונטער דעם הויז מיט אַ נעבאַכדיקן „מיאו״ . . . דער הונט „סענדי״ האָט אויך געהאַט וואָס צו דערציילן: ער האָט פאַרענדיקט זיין קלאָג מיט אַ בייזן — „האו! האו!״ . . .

צום סוף איז דעניעל אַרויסגעקומען פון שטוב אַ פאַרשלאָפענער, און „סענדי״ האָט זיך מיט אים דערפרייט.

אויך רוטעלע איז אַרויסגעקומען מיט פאַרזשמורעטע אייגעלעך און איז אויף גיך צוגעלאָפן אונטערן הויז צו זען צי די קליינע קעצעלעך לעבן נאָך. דערנאָך איז זי אַריין אין דער „האָט־האוז״ (אָנגעוואַרעמט הינער־הויז), וואו די יונגע קליינע הינדעלעך, וואָס קוקן אויס ווי געלע פייגעלעך, וואַרעמען זיך אונטער אַ קיילעכיק דעכעלע, וואָס איז באַלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך. נאָכדעם האָט זי זיך אָפּגעשטעלט לעבן די בלומען־בייטן: זיך אַראָפּגעלאָזן אין דערנידער, און געבליבן שטיין אויף אירע ווייסע קניעלעך, און מיט אירע קליינע הענטלעך גענומען אַראַפּשאַרן דעם גלאַטן זאַמד־שטויב, וואָס דער ווינט האָט איבערנאַכט אָנגעשאָטן אויף די בלומען, וואָס זי אַליין האָט זיי פאַרזייט. זי האָט געפּרואווט אויפשטעלן זיי, ווי זיי וואָלטן נאָך לעבעדיקע געוועזן; און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן . . .

דעניעל, מיטן הונט „סענדי״, האָבן זיך געלאָזט גיין צום פעלד, צו זען צי דער ווינט האָט פאַר אים צוריקגעבראַכט זיין פאַרפלויגענעם „קאַיט״ . . .



# דער בוים האָט געוואָלט לעבן

ביימער, ווי מענטשן, זיינען ניט אַלע גלייך. אַ יעדער בוים אָבער פאַר־מאָגט זיין נוצלעכקייט, איינער גיט פרוכטן, אַ צווייטער גיט האָלץ פאַרן מענטשנס געברויך, און אַ דריטער גיט אַ קילן שאָטן פאַר דעם מענטשן, צו פאַרשטעלן זיך פון דער הייסער זון.

אין מיין גאָרטן האָב איך אַריינגענומען בלויז צוויי סאָרטן: ביימער וועלכע וועלן מיר געבן יעדן זומער זייערע טייערע פרוכטן, און אַ פּאָר ביימער, אַז איך זאָל קענען זיך אָפּקילן אין זייער שאָטן אין די וואַרעמע טעג.

ביימער האָבן אַ „טבע" געבוירן צו ווערן קליין. כדי זיי זאָלן לעבן און וואַקסן, דאַרף מען זיי אָפּהיטן, באַוואַסערן, און רייניקן זיי פון פרעמדע אָנשיקענישן.

דאָס האָב איך געטאָן צו מיינע ביימער, ווען איך האָב זיי פאַרפלאַנצט אויף מיין אייגן שטיקל ערד.

נאָר פון איין ביימעלע האָב איך אין אָנהייב ניט געהאַט קיין נחת: געקויפט האָב איך דאָס ווען דאָס איז געווען נאָך „אין די וויקעלעך": אַ קורצס, אַ דינס, מיט עטלעכע דינע צווייגעלעך. נאָר ווען איך האָב עס פאַרזעצט אין דער ערד, האָט זיך עס אין דריי יאָר אַזוי צעוואַקסן, אַז כאָטש נעם און גיב עס אָפּ דעם גאַנצן גאָרטן . . .

איז וואָלט דאָס ביימעלע כאָטש מיר געגעבן זיסע פרוכטן. דאָס איז אָבער געווען נאָר אַ שאָטן־בוים. און אונטער דעם ביימלס שאָטן האָט קיין אַנדער זאַך ניט געקענט וואַקסן. פון דעסטוועגן איז מיר געווען אַ רחמנות אַרויסצו־נעמען עס פון דער ערד, און געבן עס אַ צווייטן פּלאַץ. האָב איך דאָס ביימל דאָס יונגע, געלאָזן וואַקסן.

אָבער וואָס לענגער און וואָס עלטער דאָס איז געוואָרן, אַלץ מער האָט עס געשפּרייט אַרום זיך אַ שאָטן. און די זון האָט אפילו ניט געקענט „אַ קוק טאָן" אויף מיינע אַנדערע געוויקסן אין גאָרטן. און קליינוואַרג: די בוריקעס, מערן אוגערקעס, בעבלעך, האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסעלע זון־שטראַלן.

האָב איך איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ווען מיין גויאישער שכן איז פון זיין שטוב אַרויסגעקומען, צוגערופן אים און געפרעגט אַן עצה וואָס צו טאָן מיט דעם בוים? מיין שכן האָט מיך אויסגעהערט מיט אַ שמייכל, נאָר געזאָגט

האָט ער ווינציק. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין מויל דאָס ליולקעלע, געטאָן אַ ווייטן שפּיי, און געזאָגט: — „קאַט איט אַאוט!" (האַק אים אויס!)

אַז ער האָט דערזען ווי דערשטוינט איך בין געבליבן פון זיין עצה, האָט ער ווידער אַ זאָג געטאָן: — „איי דאָנט בליים יו. יו אַר איי סיטי מען" (ער באַשולדיקט מיך ניט, ווייל איך בין אַ שטאָט־מענטש). און ער האָט אַליין זיך אָנגעבאָטן צו טאָן די אַרבעט פאַר מיינעטוועגן: אויסהאַקן דעם בוים.

האָב איך זיך גענומען בעטן ביי אים: „ווי האַקט מען אויס אַזאַ יונגן בוים וואָס האָט ערשט אינגאַנצן אַ דריי יאָר לעבן? און זע, קוק אויף אים, ווי שיין ער וואַקסט! ווי קיילעכיק ער שפּרייט זיך פאַנאַנדער, און זיינע שפּיציקע בלעטעלעך, ווי שיין זיי זיינען אין ליכט פון דער זון! . . ."

מיין שכן האָט געשמייכלט פון מיר, דעם נאַר, וואָס איז אַזוי באַגייסטערט פון אַ בוים. און ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, איז ער אַריין צו זיך אין „גאַראַדזש", און ער איז פון דאָרט צוריק אַרויסגעקומען מיט אַ לאַנגער, שאַרפער זעג. ער איז שוין גרייט געווען אונטערצוזעגן דעם בוים.

אוודאי וואָלט ער דאָס נישט געטאָן, ווען איך וואָלט זיך טאַקע איינגעשטעלט מיט עקשנות פאַר דעם בוים. אָבער, איך האָב געוואוסט אַז ער איז גערעכט. וואָרים וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דען אַ שאָטן־בוים? . . . דאָס גרינצייג אין גאָרטן איז פאַר מיר נייטיקער ווי דער בוים, האָב איך געטראַכט.

נאָר שטיין דערביי, ווען ער, דער „בוים־קוילער", וועט דעם בוים אָפּהאַקן די יאָרן, דאָס האָב איך ניט געקענט . . . בין איך „נאָך עפּעס" אַריינגעגאַנגען אין שטוב . . . און צוריק אַרויסקומענדיק האָב איך שוין געפונען מיין בוים ליגנדיק אויסגעצויגן אויף דר'ערד אַ טויטער . . .

מיין שכן האָט אפילו געוואָלט אַרויסגראָבן פון דער ערד די וואָרצלען. נאָר צו דעם האָב איך אים ניט דערלאָזט. איך האָב אים געזאָגט, אַז דעם קומענדיקן יאָר וועל איך אויף דעם שטיק ערד ניט פאַרזייען קיין זאַך. און אויב דאָס „האַרץ" פונם בוים, אין דער טיף, וועט קומענדיקן זומער קומען צוריק צום לעבן, וועל איך זיך פרייען.

דערווייל האָב איך זיך געפרייט מיט מיין גאָרטנוואַרג. אַ ים מיט זון־שיין האָט זיך אָנגעגאָסן אויף די בייטן, און איך בין צופרידן געווען.

אָבער אין אַ צייט אַרום, ווען איך בין, ווי אַ גערטנער, אַרומגעגאַנגען אויפקלייבן וואָס די מאַמע־ערד האָט פאַר מיינעטוועגן אויסגעצייטיקט, האָב איך דערזען (וואו דער בוים איז פריער געשטאַנען) אַ דין ציטערדיק ריטעלע, וואָס איז פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן. האָב איך ניט לאַנג געטראַכט, און איך האָב עס אָפּגעשוירן; און פּטור! . . .

נאָר אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, האָב איך דערזען ווידער אַ ניי ריטעלע, שוין פון אַ צווייטער זייט, וואָס איז פון דער ערד אַרויסגעקומען אָנקוקן די ליכטיקע וועלט . . .

דאָן האָב איך שוין צו זיך געזאָגט: ניין! כ'האָב צוויי מאָל דעם זעלבן לעבן שוין פאַרשניטן, איז גענוג! . . . פון איצט אָן וועל איך דאָס קליינע ריטעלע אָפּהיטן, זאָל זיך עס וואַקסן און צוריק ווערן אַ בוים . . .

פון דאַן אָן זיינען שוין אַ סך, אַ סך זומערן פאַרגאַנגען געוואָרן. פון יענעם קליינעם ריטעלע איז אויסגעוואקסן געוואָרן אַ זעלטן שיינער בוים; ער איז קיילעכיק אויסגעפורעמט, ווי אַ ריזיקער גרינער „פּאַראַסאָל". ער איז באוואקסן מיט דינע, שפּיציקע בלעטעלעך, און אַרום אים ליגט אויסגעשפּרייט אַ גרינער גראָז־טעפּיך, מיט אַ טיש און צוויי בענק: צו זעצן זיך אין שאָטן פון מיין בוים.

דער בוים האָט געוואָלט לעבן.



## „אויפֿן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿייערל"

אין דער גאַס וואו איך וואוין איז אַמאָל געווען אַ זומער־פּלאַץ מיט דעם נאָמען „גן־עדן". זיינען (פֿון לאָס אַנדזשעלעס) אַהער געקומען מענער און פֿרויען מיט אַ סך קינדער.

געקומען איז מען ווען די קינדער זיינען פֿריי געוואָרן פֿון די שולן, און דערוואקסענע האָבן פֿאַר זיך „גענומען וואַקאַציע".

אוודאי קומט מען אין אַזאַ פּלאַץ ניט בלויז צוליב דער אכילה. מען קומט צו קענען זיין אויף דער לופֿט און צו פֿאַרוויילן די ליידיקע צייט: מען שפּילט „גיימס", מען שווימט אין דער דרויסנדיקער „מקווה" (פּול), און מען „באַקט" דאָס נאַקעטע לייב אַנטקעגן דער זון.

אָבער דער עיקר פֿון אַלע עיקרים, אין אַזאַ פּלאַץ, איז צו שפּילן קאָרטן. פֿאַר דעם פֿאַרגעניגן איז ניטאָ קיין באַשטימטע צייטן. מען שפּילט נאָכן „ברעקפֿעסט", מען שפּילט נאָכן „לאָנטש", און אויפֿדערנאַכט הייבט זיך אָן די רעכטע „גיים" ביז חצות . . .

פֿון דעם דאָזיקן פֿאַרגעניגן „געניסן" ניט נאָר די עלטערע „וואַקיישאָניקעס", נאָר אויך דאָס קליינוואַרג: אויף זייערע אייגענע קאָרטן . . .

אָט אַזוי אַ פֿלעגט דאָס אָנגיין פֿינף טעג דורך דער וואָך. דעם זעקסטן טאָג, שבת, האָט מען אין קיין קאָרטן ניט געשפּילט (שבת אויפֿדערנאַכט), ווייל דאַן פֿלעגן קומען פֿון דער גרויסער שטאָט די מענער צו זייערע פֿרויען, און פֿרויען צו זייערע מענער. דאַן האָט מען אין דעם אויפֿדערנאַכט זיך געלאָזט וואוילגיין אין — טאַנצן.

אָבער איינמאָל איז צו דעם „מענעדזשער" פֿון גן־עדן געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין און ער האָט דעם געדאַנק גלייך באַקאַנט געמאַכט צו זיינע אַלע „געסט", גראָד דאַן ווען אַלע זיינען געווען אויסגעזעצט ביי די טישלעך צום נאַכטיקן מאָלצייט.

און ער האָט צו זיי אַזוי געזאָגט: — „ליידיס און דזשענטלמען! אַזוי ווי ביי אונדז איז שוין איינגעפֿירט געוואָרן אַז יעדן שבת־צו־נאַכט גרייטן מיר פֿאַר אייך צו אַ "מוזיק קאַפּעליע" און מען טאַנצט דאָ, האָב איך איצט אויפֿן געדאַנק, אַז מיר זאָלן אויף איינמאָל מאַכן אַן איבערבייט: אַנשטאָט טאַנצן, וועלן מיר אַהער איינלאַדן אַ פּאָר יידישע אַקטיאָרן, און זיי וועלן פֿאַר אונדז שפּילן יידיש טעאַטער!"

אין „עס־צימער" האָבן דעם מענעדזשערס ווערטער אויפֿגעריסן, ווי אַן

„אַטאָם באָמבע״: טייל האָב געפּאַטשט מיט די הענט און געשריגן „גוט אַזוי!״, און טייל זיינען געווען קעגן. די מערהייט איז אָבער געווען פאַר דעם. נאָר העכער פאַר אַלעמען האָט געלאָזט זיך הערן די שטים פון אַ פרוי מיט בליש־טשענדיקע אוירינגלעך און דימענט־רינגעלעך אויף אירע פינגער. זי האָט געלאָזט וויסן, אַז זי „פאַרסטייט ניט קיין דזואיס טיעייטער!״ . . .

אָבער מען האָט זי געהערט ווי המן דעם גראַגער. איז באַשלאָסן געוואָרן אויף קומענדיקער וואָך וועט מען אין גן־עדן שפּילן יידיש טעאַטער.

אויף אַ שבת אינדערפרי זיינען פון לאָס אַנדזשעלעס אָנגעקומען צוויי יידישע אַקטיאָרן — לייב קאַדיסאָן מיט זיין פרוי.

די קאַדיסאָנס זיינען געווען צוגעלאָזענע מענטשן. דערפאַר האָט זיי ניט גענומען לאַנג צו באַקענען זיך מיט די „געסט פון גן־עדן״. איידער דער טאָג איז פאַרגאַנגען, האָבן שוין אַלע גערעדט וועגן דער „דזשואיש פּליי״, וואָס מען וועט אויפדערנאַכט אויפפירן. און פאַרנאַכט, ווען אַלע זיינען שוין געזעסן ביים מאָלצייט, האָט דער מענעדזשער ווידער דערמאָנט זיינע געסט, אַז זיי זאָלן למען־השם ניט פאַרפעלן צוריקקומען צו דער פאָרשטעלונג און, איבערהויפּט, בעט ער, אַז מען זאָל ברענגען מיט זיך דאָס קליינוואַרג.

הכלל, אַלע, גרויס און קליין, האָבן זיך געגרייט צו דער „פּליי״, און די קינדער זיינען געוואָרן שטאַרק נייגעריק: ווייל אַ טייל פון זייערע, האָבן די קאַדיסאָנס שוין געהאַט צוגעגרייט זיי זאָלן „שפּילן אויף דער בינע ווי אמתע אַקטיאָרן״ . . .

צו דער באַשטימטער צייט, אַרום ניין אַזייגער, איז דער „טעאַטער״ (עס־זאַל) געווען שוין באַזעצט מיט אַלט און יונג. דאָס קליינוואַרג איז געוואָרן שטאַרק אומגעדולדיק, און האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן מ׳זאָל שוין אויפ־וויקלען דעם פאָרהאַנג . . .

דאָס איז ענדלעך געשען. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעוויקלט, און אויף דער בינע האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן פון די צוקוקער, אַן — אַלט־מאָדישער יידישער חדר, מיט אַ לאַנגן טיש, און צוויי בענק. אויף די בענק זיינען געזעסן יינגעלעך, אָנגעטאָן אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, מיט שוואַר־צע, שמאָלע היטעלעך, און דער רבי (קאַדיסאָן) איז אויך געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן קאַפּטן, מיט אַ היטעלע, און — אַ קאַנטשיק איז געלעגן לעבן אים אויפן טיש.

דער עולם איז אויפגעלעבט. דאָס קליינוואַרג איז פאַרחידושט. אַלע שווייגן, מ׳וויל שוין הערן וואָס דאָ וועט פאָרקומען.

און אָט צעזינגען זיך מיט אַ ניגון די יינגלעך — „קאָמעץ אַלעף אָ, קאָמעץ בית באָ!״ אָבער איין יינגעלע פאַרעקשנט זיך, און ער זינגט ניט מיט. דאַן, נעמט דער רבי דעם קאַנטשיק און וויל באַשטראָפן דעם יינגל. גראָד דאַן קומט אָן די רעביצין (פרוי קאַדיסאָן) און זי שטעלט זיך איין פאַרן יינגל, זי

וויל ניט דער רבי זאָל דעם יינגל שלאָגן מיטן קאַנטשיק . . . איז דעם קליינעם עולם אין טעאַטער דאָס געפעלן . . . און זיי פּאַטשן בראַוואָ! . . .

צולעצט זעצט זיך דער רבי צווישן די יינגלעך, און ער צעזינגט זיך מיט זיי צוזאַמען — „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל . . . און אין שטוב איז הייס . . . און דער רבי, לערנט, קליינע קינדערלעך, דעם אלעף־בית!״ . . .

דער גאַנצער עולם איז באַגייסטערט, מען זינגט מיט. ביי די עלטערע מענטשן שטעלן זיך טרערן אין זייערע אויגן . . . עס האָט זיי דערמאַנט אין דעם אַמאָליקן חדר . . .

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער, נאָר דאָס געזאַנג הערט מען נאָך.

דאַן שטעלט זיך דער עולם אויף מיט צעוואַרעמטע פנימער, און מ'לאָזט זיך אַלע גיין אינדרויסן, ״צוברומענדיק״ דעם ניגון פונם אַלט־יידישן ליד:

— „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל!״ . . .

און דאָס צעוואָרעמטע קליינוואַרג בעטן זיך ביי זייערע טאַטע־מאַמע:

— „פּליס, סינג איט עגיין! סינג איט עגיין!״ — (זינגט עס נאָכאַמאָל; זינגט עס נאָכאַמאָל!) אַ שטיל געזאַנג גייט אויף אונטער דעם אויסגעשטערנטן הימל:

— „אויפן פּריפּעטשיק . . . ברענט אַ פייערל . . . און אין שטוב איז הייס . . . און דער רבי לערנט, קליינע קינדערלעך, דעם אלעף־ביתתתת . . .״

